# ספר זכרון סטראָפּקאָוו

## די היסטאָריע פון דער שטאָט סטראָפּקאָוו

פון זינט די קהילה האָט זיך געגרינדעט ביז דעם יאָר 1914,
ווען די ערשטע וועלט מלחמה האָט אויסגעבראָכן אין אונזער דור

אויספירלעך באַשריבען

פ ו ן


**אברהם אביש הכהן וויינשטיין**

570 וועסטמינסטער ראוד

ברוקלין, ניו יאָרק



שנת תשכ"ח

# הקדמה

„סטראָפּקאָוו" איז דער נאָמען פון דעם שטעטעל וואו איך בין געבוירען, און דאָרט האָב איך פאַרברענגט מיינע קינדער יאָרען. אין סטראָפּקאָוו האָבען געוואוינט אָרום 300 אידישע משפּחות, און מיט דער הילף פון השם יתברך און אַ דאַנק דער ליבעראַלער עסטרייכישער רעגירונג, מיט פראַנץ יאָזעף אַלס קעניג, האָבען אידען דאָרט געלעבט אַ אידיש קהילה לעבען פאַר איבער הונדערט יאָר אין שלום, ביז דער שטן המשחית, די דייטשען ימח שמם, האָבען אויף אַ ברוטאַלען אופן אומגעברענגט אַלע אידען, און פאַר אונז עקזיסטירט נישט מער אונזער באַליבט שטעטעל סטראָפּקאָוו.

און ווייל די עראינערונגען פון מיין יוגענט און פון מיין געבורט שטעטעל סטראָפּקאָוו איז מיר ליב, און אויך די מענטשען זענען מיר ליב געווען און איך קען זיי נישט פאַרגעסען, האָב איך אַלעמאָל געוואָרט און געשטרעבט צו הערען אַז עמיצער האָט אָנגעשריבען אַ בוך און געשילדערט וויאַזוי עס האָט זיך געלעבט דאָרט, און עס זאָל נישט פאַרגעסען ווערען די הייליגע עראינערונג פון אונז, און אויך פאַר די קומענדיגע דורות זאָל אַמווייניגסטענס דער הייליגער נאָמען בלייבען פאַראייביגט, און זאָל אונזער באַליבטע שטאָט סטראָפּ-קאָוו ווערען געציילט צווישען די אַנדערע אידישע שטעט און שטעט-לעך וועלכע האָבען מיטגעמאַכט דעם זעלבען גורל. — אָבערליידער איך האָב נישט געהערט פון קיינעם אַז עמיצער האָט עפּעס געטאָן וועגען דעם. האָב איך ביי מיר געטראַכט, ווי אונזערע חכמים האָבען אונז געלערנט „ובמקום שאין אנשים השתדל להיות איש" און איך האָב אויף זיך גענומען די אויפגאַבע צו ערפילען מיין פליכט וואָס איך דאַרף טאָן. און איך בעט צו השי"ת ער זאָל מיר העלפען טאָן דאָס בעסטע, ווייל מיינע כוחות זענען באַשרענקט.

מיינע ידיעות וואָס עס איז פאַרגעקומען אין סטראָפּקאָוו אין די פריערדיגע יאָרען, האָב איך זיך ערוואָרבען דורך דעם וואָס איך בין אויפגעצויגען געוואָרען ביי מיין זיידע און באָבע ר' יהודא און טויבע וויינשטיין ע"ה. ביי זיי אין הויז האָבען די שכנים גע-דאַווענט אַלע פרייטאָג צו נאַכטס קבלת שבת, שלש סעודות און אויך מלוה מלכה.

איך האָב געהערט דערציילען אַ סך מעשיות פון גוטע אידען, איך האָב אויך געהערט דערציילען פאַרשידענע פּאַסירונגען וואָס זענען פאָרגעקומען אין סטראָפּקאָוו אין פאַרשידענע צייטען. אייניגע זאַכען וואָס זיי האָבען אַליין איבערגעלעבט, און זאַכען וואָס זיי האָבען געהערט פון אַנדערע, אַז די און די געשעעניש האָט פּאַסירט אין סטראָפּקאָוו אין פאַרשידענע צייטען און אַמאָליגע יאָרען.

אויך מיין ליבע און טייערע באבע טויבא ע״ה פלעגט האָבען פאַרגעניגען מיט מיר צו רעדען און דערציילען זאַכען פון אַמאָליגע צייטען. זי האָט נעבעך געפילט אַז די צייט איז נאָענט און אויך איך וועל זי פאַרלאָזען. מיין פאָטער — איר איינציג קינד — האָט נישט געהאַט קיין פרנסה פאַר זיין פאַמיליע אין דערהיים, איז ער אַוועק קיין אַמעריקע. מיט דריי יאָר שפּעטער איז מיין מאַמע מיט די קינדער געפאָרען, נאָר איך בין געבליבען ביי מיין זיידע און באבע. ווייל איידער מיין מאַמע איז אַוועקגעפאָרען קיין אַמעריקע האָט זי געפרעגט ביי דעם שיניעווער רבי׳ן רבי יחזקאל׳ע האַלבער־שטאַם זצ״ל, צי זאָל זי מיך אויך נעמען קיין אַמעריקע, און ער האָט איר גע׳עצה׳ט זי זאָל מיך לאָזען אין דער היים, איך זאָל לערנען. און מיין טייערע באבע האָט אויף זיך גענומען די אויפגאַבע מיך צו נעמען אין איר הויז און אויף מיר אַכטונג צו געבען. איך ווייס ווי שווער דאָס איז איר אָנגעקומען, זי האָט דאָס אָבער געטאָן מיט ליבשאַפט. און ווען איך בין שוין בר מצוה געוואָרען האָט זי געפילט אַז מיין טאַטע און מאַמע וועלען מיך נעמען צו זיי, איז זי געזעסען מיט מיר און גערעדט צו מיר און מיך געבעטען איך זאָל אָן איר נישט פאַרגעסען. און אַלעם וואָס זי האָט מיט מיר גערעדט איז מיר געבליבען אין זכרון.

דאָס מאַטעריאַל פון די גאַר ערשטע יאָרען פון דער סטראָפּ־קאָווער קהילה האָב איך גענומען פון דעם ספר „תולדות איש ח״י״ פון דעם מחבר דער איידעלער און געלערנטער הרב אברהם מאיר איזראעל שליט״א.

איך האָף אַז מיין קורצע באַשרייבונג וועט זיין אָנגעלייגט ביי די וואָס שטאַמען פון סטראָפּקאָוו און ביי אַלע ביי וועמען דער נאָמען סטראָפּקאָוו האָט אַ באַדייטונג.

צו מיינע זעהר חשוב'ע לאנדסלייט!

דער געדאנק צו שרייבען וועגען סטראפקאוו איז געווען מאטאווירט נאר לשם מצוה אן קיין שום אנדערע כוונות, און מיט גרויס פיזישע אנשטרענגונג איז מיר בע"ה געלונגען אנצושרייבען און צו דערמאנען דעם איד וואס שטאמט פון סטראפקאוו, וואס זיין זיידע און עלטער זיידע האבען דארט געוואוינט, אז ער זאל וויסען „מאין באת", און עס וועט אים דינען ווי זיין יחוס בריוו.

אויך ער וועט האבן וואס איבערצולאזען „לאחר מאה ועשרים שנה", צו זיינע קינדער, זיי זאלען וויסען פון וועלכע שטאט זייערע עלטערען שטאמען, און ווער זיי זענען געווען? חשוב'ע טייערע אידען, וואס זענען געווען באוואוסט אין די וועלט אלס „בני תורה" און בעלי מעשים טובים!

אויך איז מיר ב"ה געלונגען אז אין דעם ספר סטראפקאוו זאל זיין א בריוו פון דעם שינעווער צדיק, מיט זיין אייגענעם „כתב־יד", בכדי אפילו אידען וואס שטאמען נישט פון סטראפקאוו, נאר זענען חסיד'ישע אידען, וועלען אויך הנאה האבען צו האבען אין זייער הויז דאס ספר, צוליב די רבנים וואס זענען געווען אין סטראפקאוו ווייל זיי זענען געווען וועלט־בארימטע צדיקים. און צוליב דעם בריוו פון דעם שינעווער צדיק, וועלען שינעווער חסידים אוודאי אפשאצען דעם „יקר המציאות" אז עס איז א סגולה צו האבען אזא אוצר אין הויז

און ווען עס איז מיר בע"ה געלונגען נאך א פאר יאר פארשען און ארבעט, און איך האב ערשט דערזען אז צו לאזען דאס פרינטען און האבען עס אין א בוך־פארעם, שטייט מיר פאר פרישע שוועריגקייטען, ראשית האב איך געוואלט אז דאס ספר זאל זיין געפרינט ביי אידען שומרי שבת, און אזוי ווי איך האב נישט געוואלט מאכען מער ווי איך דענק עס וועט זיין א פערלאנג דערויף, האב איך אויסגעפונען אז איך וועל דארפען באצאלען צוויי־מאל אזויפיל ווי ווען איך זאל ארדערן אין די טויזענטער.

בעט איך אייך איר זאלט מיר נישט חושד זיין אין וועלען

מאַכען ריוח, ווייל עס איז דאָ אויך אַנדערע אויסגאַבען אויסער דאָס דרוקען.

אַזאַ אַרבעט ווערט געוועהנליך געמאַכט פון אַ רבים, פון אַ חברה — אַ סאָסייעטי. אָבער איך האָב מיך אַליין אונטער גענומען, ערוואַרטענדיג אַז עס וועלען זיך געפינען איינינע פון די לאַנדסלייט וואָס וועלען פילען דעם חוב וואָס עס ליגט אויף זיי און ביישטייערען צו דער אונטערנעמונג.

**אברהם אביש וויינשטיין**

הרב אברהם מאיר איזראעל
אבד"ק הוביאד
הומ"ק ברוקלין תצ"ו

הנני בא חין שליצתי לפני נדיבי בני עמינו, רודפי צדק ומוקירי תורה קסטרת ישראל, עבור ידידי הנכבד והנעלה, מופלג בתורה וביראה, איש חמודות, אציל המדות וכו', מוה"ר אברהם אביש הכהן ודיילבשטיין נ"י, שזכה לעת זקנתו להעמיד מצבת זכרון לעיר מולדתו ובני עדתו, קהלא קדישא סטראפקאוו תצ"ו, רבת העבר, שהיתה מפורסמת בעולם ברבבי-ה, אחזי הלבנון אדירי התורה והחסידות, וכן בבעה"ב מצויינים, בעלי תריסין בתורה ביר"ש ובגמילות חסדים, ואלה אזכרה ונפשי עלי אשפכה, שבעוה"ר נחרבה כליל על ידי הצר הצורר ימ"ש, ולא נשאר מהנה שריד, דורש דמם יבקום לעינינו תשפוכת דם הצדיקים, קדושים וטהורים, כזוהר הרקיע מזהירים, ונקם ישיב לצריו, ובכל מן דין יישר כח אמיצו לפעלא טבא, ידידי הטרכ"ז נ"י, כי יפה עשה בעשר הספר זה הקטן בכמות "זכרון סטראפקאוו" להנציח את זכרא לדור אחרון, עם רשימות ביאגרפיות מרבני ראשי וטובי', שלא יאבד זכרת בתהום הנשי', ואף שקצר במקום שראוי להאריך עכ"ז מסתפקים אנחנו במיעוט הזה, דייטד כחו דהילך ומועל ידיו תרצה, וע"כ בקשתי שטוחה לפני נדיבי בני עמינו, ובפרט לפני אחב"י יוצאי סטראפקאוו והסביבה, להזק את ידיו בקבלת הספר בכסף מלא, ולהשתתף בדבר מצוה זו, להעמיד מצבת זכרון לעדת קדושים, וזכותם יעמוד לנו ולזרעינו עבגצ"א.

הכ"ד המייחל לישועת ה' הקרובה

הק' אברהם מאיר איזראעל
אבד"ק הוביאד

# ספר זכרון סטראָפּקאָוו

## צו דער געשיכטע פון סטראָפּקאָוו

סטראָפּקאָוו איז געווען אַ קליין שטעטעל אין דעם בעצירק זעמפּלעין פון אַלט אונגאַרן. נאָך דער ערשטער וועלט מלחמה איז עס געוואָרען צוגעשלאָסען צו טשעכאָסלאָוואַקיי.

די אַלגעמיינע אידישע באַפעלקערונג איז געווען אין יענע צייטען אַן ערך פון 300 אידישע פאַמיליעס, אָבער דער נאָמען סטראָפּקאָוו איז געווען באַוואוסט אין אַ גרויסען טייל פון עסטרייך און אויך אין אונגאַרן צוליב אירע באַרימטע רבנים גאונים און צדיקים, ווי אויך מיט איר פרומער קהילה וואָס איז באַשטאַנען פון גרויסע ערליכע אידען, תלמידי חכמים ובעלי מעשים טובים.

געאָגראַפיש איז די שטאָט געלעגען אַרום 4 מייל פון דער גרענעץ שטאָט מעזילאַבריץ, וואָס איז אויך שוין געווען אויף דער אונגאַרישער זייט. אין יענע צייטען האָט די באַן דאָרט געענדיגט איר ליניע פון עסטרייך, און די אונגאַרישע באַן האָט דאָרט געענדיגט אירע, פון אונגאַרן. די פּאַסאַזשירען וואָס האָבען געוואָלט פאָרזעצען זייער רייזע פון עסטרייך קיין אונגאַרן, האָבען געדאַרפט איבער־שטייגען פון דער עסטרייכישער באַן אויף דער אונגאַרישער. און אויך די וואָס האָבען געוואָלט פאָרזעצען זייער רייזע פון אונגאַרן קיין עסטרייך האָבען געדאַרפט איבערשטייגען אויף דער עסטריי־כישער באַן.

סטראָפּקאָוו איז געווען די צווייטע שטאָט אין אונגאַרן אין יענער געגענט.

די צייט ווען די סטראָפּקאָווער קהילה איז געגרינדעט געוואָרען איז נישט באַוואוסט, ווייל די אַרכיווען פון דער קהילה זענען פאַר־ניכטעט געוואָרען. פּאַסירט האָט דאָס אַרום דעם יאָר תרס״ד (1905). ביז יענעם יאָר פלעגען אידען — און להבדיל גוים — ווער עס האָט נישט געוואָלט זיין זון זאָל גיין דינען אין מיליטער, איז געגאַנגען

צום דאָקטאר גרינפעלד, און ער דער דאָקטאר האָט געהאַלטען די מאַטריקלען פון אַלע מענטשען וואָס זענען געבוירען געוואָרען, און אויך דעם דאַטום ווען זיי זענען געשטאָרבען. און ווען מ׳איז דורכגעקומען מיט אים, האָט ער געענדערט דעם דאַטום פון געבורט און מען האָט דעם יונגענמאַן נישט גענומען צום מיליטער.

אַזוי איז דאָס אָנגעגאַנגען פאַר אַ סך יאָרען. ביז אַרום דעם יאָר 1904 האָט איינער גע׳מסר׳ט, און אַ קאָמיסיע איז געקומען אונטערזוכען די זאַך, און זיי האָבען געפונען אַז אַלעם איז פאַר־ניכטעט געוואָרען. און די אידישע קהילה איז געווען אין שרעק. אָבער השי״ת האָט געהאָלפען און מיט גרוים מי איז זיי געלונגען זיך ריינצוואַשען פון דער צרה.

די אַלטע מצבות אויף דעם אַלטען בית עולם זאָגען עדות אַז אידען האָבען שוין געוואוינט אין סטראָפּקאָוו אַרום די יאָהרען ת׳ לאלף הששי.

## גירוש סטראָפּקאָוו

אין דעם יאָר ת״ק (1740) האָט די מלכה הרשעה מאַריאַ טערעזיאַ פון עסטרייך אַרויסגעגעבען אַ גזירה אַז אין דער שטאָט טאָר אַ איד נישט וואוינען. די אידען האָבען זיך געפונען אין אַ ביטערע לאַגע. אָבער השם יתברך האָט געהאָלפען און מ׳האָט גע־פועל׳ט ביי דער רעגירונג אַז זיי זאָלען מעגען זיך באַזעצען אין טיסעניטץ.

טיסעניטץ איז געווען מיט צוויי דערפער אָפּגערוקט פון דעם שטעטעל סטראָפּקאָוו. אין דעם דאָזיגען דאָרף האָבען זיך די אידען איינגעאָרדענט און אָנגעגאַנגען מיט זייער קהילה לעבען ביז אַרום דעם יאָהר 1800, ווען עס איז ווידער ערלויבט געוואָרען פאַר אידען צו וואוינען אין דער שטאָט.

אַלע אידען האָבען טאַקע אין דעם זעלבען יאָהר אויפסניי זיך איינגעאָרדענט אין שטאָט, און האָבען אויפגעבויט די ערשטע שוהל. אויף אַ וואַנט פון דער שוהל איז געווען אַן אבן זכרון

אויף וועלכען עס זענען געווען אויסגעקריצט די נעמען פון די ערשטע גרינדערם: ר׳ לייב ראָזענבערג, ר׳ מענדל נייִמאַן און ר׳ אברהם גערהאַרט.

## די רבנים אין סטראָפּקאָוו

דער ערשטער רב פון סטראָפּקאָוו איז געווען רבי משה שענפעלד זצ״ל. זיין נאָמען ווערט דערמאנט אין תשובות חתם סופר או״ח סימן קל״ח. אין דעם יאָהר תק״פ האָט ער פאַרלאָזט סטראָפּקאָוו און איז געוואָרען רב אין ווראנאָוו. אויך דאָרט האָט מען איהם זייער שטאַרק געערט און געשעצט, און מען האָט איהם אָפּגעגעבען פיל כבוד. ער איז נפטר געוואָרען אין שנת תקפ״ו (1846).

דער צווייטער רב איז געווען דער באַרימטער גאון וצדיק רבי יקותיאל יהודה טייטעלבוים זצ״ל, דער זון פון דרוהביטשער רב הגה״ק רבי אלעזר ניסן זצ״ל, בן הגה״ק בעל ישמח משה זצ״ל. מען האָט איהם אויפגענומען ארום דעם יאָהר תקצ״ה (1835).

רבי יקותיאל יהודא טייטעלבוים זצ״ל איז געווען באַרימט אַלס גאון און בעל דרשן. ער האָט מחבר געווען די ספרים ייטב לב, ייטב פנים, רב טוב און שאלות ותשובות אבני צדק, זיין אָנוועזענהייט אין סטראָפּקאָוו האָט צוגעגעבען פאַר דער שטאָט גרויס חשיבות, און אגב האָט זיך די וועלט דערוואוסט פון דער שטאָט מיט אירע בעלי בתים, וועלכע זענען געווען ערליכע אידען תלמידי חכמים ובעלי מעשים טובים.

אין יאָהר תר״א (1841) ווען זיין זיידע דער גאון וצדיק רבי משה טייטעלבוים, אוהעלער רב, דער בעל ישמח משה זצ״ל איז נסתלק געוואָרען, האָט די קהילה אין אוהעלי פאַרבעטען זיין אייניקעל דעם סטראָפּקאָווער רב ער זאָל קומען איבערנעמען און פאַרזעצען דאָס רבנות פון זיין באַרימטען זיידען אין דער חסידישער קלויז. נאָך דער פּטירה פון זיין פאָטער דער דרוהביטשער רב זצ״ל איז ער געוואָרען אַ שטיקעל צייט רב אין דרוהביטש, און פון דאָרט איז ער אויפגענומען געוואָרען קיין סיגעט, וואו זיין נאָמען איז געוואָרען באַוואוסט איבער דער גאַנצער וועלט פון תורה און חסידות.

ער איז נפטר געוואָרען ו׳ אלול תרמ״ג, זי״ע.

דורך דער צייט וואָס סטראָפּקאָוו איז געווען אָהן אַ רב פלעגען חסידים פאָהרען קיין צאַנז צום גרויסען רבי'ן הגה"ק רבי חיים האלבערשטאַם זצ"ל, דער בעל דברי חיים. זיי האָבען איהם איבערגעגעבען אַז די שטאָט זוכט רב, האָט ער צו זיי געזאָגט אַז אין הימעל האָט מען אַנגעגרייט דעם רב פון טערצאל ער זאָל פאַרנעמען דעם כסא הרבנות פון סטראָפּקאָוו. ווען די חסידים זענען אַהיימגעקומען האָבען זיי דאָס איבערדערציילט פאַר דעם ראש הקהל. דער ראש הקהל האָט זיך דורכגערעדט מיט זיינע יועצים און עס איז באַשלאָסען געוואָרען ביי די מנהיגי הקהילה אויפצור־נעמען דעם טערצאלער רב אַלס רב אין סטראָפּקאָוו. זיין נאָמען איז געווען רבי חיים יוסף גאָטליעב זצ"ל.

מען פלעגט דערציילען: ווען דער ראש הקהל מיט זיינע באַגלייטער זענען געקומען צום טערצאלער רב מיט דעם כתב רבנות אין די הענט און איהם איבערגעגעבען אַז די קהילה פון סטראָפּקאָוו לאַדענט איהם איין צו ווערען זייער רב, האָט ער צו זיי געזאָגט „איך האָב געהערט, איך האָב געהערט" און ער האָט די איינ־לאַדונג אָנגענומען.

דער טערצאלער רב הרב הגאון הצדיק רבי חיים יוסף גאָטליעב זצ"ל איז געבוירען אין דעם יאָהר תק"ן. ער איז געווען דער זון פון רבי יהודא ארי' ז"ל. — זיין יחוס ציט זיך ביז דעם גאון מפורסם אין זיין דור רבי יואל גאָטליעב זצ"ל, אבד"ק גאלאנטא. פון זיין מוטער'ס צד שטאַמט ער פון דער גזע פון של"ה הקדוש זצ"ל.

ער איז אויפגעצויגען געוואָרען אין דער שטאָט קראָלע. זיין פאָטער איז געווען אַ גוט באַזיצער און אַ רייכער מאַן, און ווי אַלע רייכע קינדער פלעגען גיין אין גימנאַזיום, איז ער אויך גע־גאַנגען אין גימנאַזיום. אמת, ער האָט אויך געלערענט ביי אַ רבי'ן אידישע לימודים און ער האָט גוט געלערנט סיי די אידישע לימודים און סיי די וועלטליכע. האָט פּאַסירט אַ מעשה אַז אַלס יונגער בחור איז ער שטאַרק קראַנק געוואָרען ל"ע, און עס האָט געהאַלטען ביי סכנת נפשות. האָט ער געבעטען ביים רבונו של עולם אַז אויב ער וועט געזונט ווערען וועט ער ווידמען זיין לעבען נאָר

פאַר תורה. און עס האָט פּאַסירט אַ נס, ער איז געזונט געוואָרען. אין גימנאַזיום איז ער מער נישט געגאַנגען, אָבער צו די אידישע לימודים האָט ער זיך גענומען און געלערנט פלייסיג. זיינע מלמדים זיינען געווען פון די בעסטע אין דעם דור, און אַלע האָבען באַוואונדערט זיין קלאָרען שכל.

זיין נאָמען איז געוואָרען באַוואוסט צווישען די גרעסטע לומדים און צדיקים. ער איז געוואָרען דער מקורב ביי דעם פּרעסבורגער רב דער בעל חתם סופר זצ"ל, ביים צאַנזער רבי'ן דער בעל דברי חיים זצ"ל, און ביים דעם צדיק רבי מענדעלע רימאַנאָווער זצ"ל. אויך אַנדערע צדיקים פון זיין דור האָבען איהם אָפּגעגעבען כבוד און האָבען איהם שטאַרק מקרב געווען.

ווען דער רב רבי חיים יוסף גאָטליעב איז געקומען קיין סטראָפּקאָוו האָבען די אידען גוט געוואוסט ווען זיי האָבען פאַר זייער רב. זיי האָבען איהם אָפּגעגעגעבען גרויס כבוד און האָבען געהאַט פאַר איהם גרויס דרך ארץ. אגב איז ער געווען אַ זעהר אימפּאָזאַנטע און אַנגענעמע פּערזענליכקייט, וועמען מען האָט געמוזט רעספּעקטירען.

אַלע קלאַסען אידען האָבען פון איהם הנאה געהאַט, סיי די חסידישע אידען פון בית המדרש, און אויך די אידען פון דער שוהל וועלכע האָבען געדאַווענט נוסח אשכנז, האָבען הנאה געהאַט פון זיינע גייסטרייכע דרשות וואָס ער האָט פאַר זיי גע'דרשנ'ט. אין דער גאַנצער צייט אין משך פון די אַלע יאָהרען וואָס ער איז געווען רב אין סטראָפּקאָוו האָבען אידען געהאַט צו דערציילען גאָר אַ סך גוטע מעשים און גוטע ווערטער פאַר אַ סך יאָהרען שפּעטער.

ווי געזאָגט, זענען פיל רביים געווען זיינע גוטע פריינט. ער פלעגט פאָרען צו זיי און זיי האָבען אים צוגעטיילט כבוד. דער צאַנזער רבי זצ"ל איז אַמאָל געקומען צו איהם אין הויז און ער איז שטאַרק נתפעל געוואָרען פון די פיעלע ספרים וואָס ער האָט ביי אים געזען. האָט ער איהם געפרעגט: „סטראָפּקאָווער רב. עס איז דאָך דאָ אַזויפיל אָרימקייט ביי אידען, וויאַזוי האָט איר זיך פאַרגינען צו קויפען אַזויפיל ספרים?" האָט איהם דער רב גע-

ענטפערט: „איך בין מיך נוהג, אז ווען א תלמיד חכם קומט צו מיר ווייל ער איז געענגט אין געלט, בין איך איהם מהנה מיט קויפען ביי איהם א ספר פון מיין אייגען געלט"...

אין דעם יאָהר תרכ"ז, ערב שבת מברכים ראש חודש אדר איז דער סטראָפּקאָווער רב געווען אין צאנז צוזאמען מיט דריי פון זיינע זין. ער איז געגאַנגען מקבל פנים זיין דעם דברי חיים זצ"ל. דער רבי האָט איהם געבעטען ער זאָל זיך זעצען אויף א שטול אנטקעגען דעם רבי'ן. דער רבי האָט פאררויכערט זיין פייקע און דער סטראָפּקאָווער רב רבי חיים יוסף זצ"ל האָט גערויכערט א ציגאַר. זיי זענען געזעסען און גערעדט אַרום א צוויי שעה. ווען דער צאַנזער צדיק האָט זיך אויפגעשטעלט און געגעבען איהם די האַנט און געזאָגט „א גוטען שבת, סטראָפּקאָווער רב", און הרב רבי חיים יוסף האָט איהם געענטפערט מיט „א גוטען שבת" צאַנזער רבי — אויף אזא אופן האָבען זיך געזעגענט די צוויי צדיקים.

נאָך שבת איז ער אַהיים געפאָרען א צופרידענער און געזאָגט צו זיינע זין, „קיינמאָל האָב איך מיך נישט אַזוי גוט דורכגעשמועסט מיט דעם צאַנזער רבי'ן ווי אַצינד". און ווען דער רב איז אַהיים געקומען איז ער שלאָף געוואָרען און שבת קודש ד' אדר תרכ"ז איז דער באַליבטער רב הרב רבי חיים יוסף גאָטליעב, סטראָפּקאָווער רב זצ"ל נפטר געוואָרען.

צו דער לוויה זיינען געקומען אידען פון אונגאַרן און עסטרייך און אויך אַלע אידען פון סטראָפּקאָוו זענען געווען ביי דעם בית החיים אין טיסעניטץ, און האָבען באַוויינט דעם פארלוסט פון זייער באַליבטען רב זצ"ל.

* * *

פינף זין האָט דער רב רבי חיים יוסף איבערגעלאָזט. זייערע נעמען זענען געווען: ר' אפרים ז"ל, ר' מנשה ז"ל, ר' נפתלי ז"ל, ר' ישראל מנחם ז"ל, און ר' אשר ז"ל, און איין טאָכטער מרים גיטל ע"ה. אַלע זענען געווען געראָטענע און גרויסע למדנים. זיי האָבען זיך געפירט חסידיש און בעל הבית'ש. די אינגערע דריי

האָבען חתונה געהאַט אין אונגאַרן און גאַליציע, די צוויי עלטערע האָבען חתונה געהאַט און געוואוינט אין סטראָפּקאָוו.

ר' אפרים האָט געהאַט צוויי זין, ר' געציל און ר' לייביש. ר' געציל איז געווען אַ שיינער בעל הבית און געהאַט אַ שיינע פאַמיליע, דריי זין און איין טאָכטער. ער האָט געהאַט שיין פרנסה. זיין געשעפט איז געווען אַ סאָדא וואסער פאַבריק און ער איז געווען דער איינציגער אין שטאָט. אָבער זיין ברודער ר' לייביש האָט זיך זייער געמאַטערט מפרנס צו זיין זיין פאַמיליע. ער איז געווען אַ ליבער מענטש און ער האָט געקענט שיין לערנען.

דעם רב'ס טאָכטער מרים גיטל האָט חתונה געהאַט אין זיבענבירגען. איהר מאַן איז געווען אַ גרויסער תלמיד חכם און ער איז געווען אַ מורה הוראה.

ר' מנשה דעם רב'ס זון האָט געוואוינט אין סטראָפּקאָוו. ער האָט געהאַט אַ זון מיט דעם נאָמען ר' הערש גאָטליעב. ער האָט געוואוינט אין שכנות פון מיין זיידען ר' יהודא וויינשטיין. ר' הערש איז געווען זייער אַ שיינע פערזענליכקייט, מיט אַ רבניש געשטאַלט, און די שכנים פלעגען דאַווענען אַלע פרייטאָג צו נאַכטס קבלת שבת, שלש סעודות און מלוה מלכה ביי איהם אין הויז.

ר' הערש גאָטליעב וויפיל איך ווייס האָט געהאַט צוויי טעכטער זייער שיינע און געראָטענע. די עלטערע האָט נאָך ר' הערש חתונה געמאַכט, און אַ קורצע צייט נאָך דער חתונה איז ער נפטר געוואָרען, און די איינגערע רחמה איז געווען אומפאַרהייראַט.

מיין זיידא ר' יהודא וויינשטיין ע"ה, זייענדיג דער געטרייער פריינד פון ר' הערש גאָטליעב, וועלכער האָט נישט געטאָן אַ זאַך נישט דורכרעדענדיג זיך פריער מיט איהם, אַזוי איז ער געבליבען ווי אַ געטרייער ברודער צו דער אלמנה, די צדיקת מלכה גאָטליעב. אויך זי פלעגט זיך באַראָטען מיט איהם ביי יעדער געלעגענהייט, און איהם איז גאָרנישט געווען צו שווער צו טאָן לטובת דער אלמנה.

מיט אַ צייט שפּעטער, ווען ר' זלמן יוסף דעם דיין'ס שוועס איז געוואָרען אַן אלמן, האָט ער אויסגעפירט דעם שידוך און זיי האָבען חתונה געהאַט. עס איז איר געווען זייער גוט ביי איהם,

און אויך ר׳ זלמן יוסף איז געוואָרען מיין זיידענס איינער פון זיינע גוטע פריינד. דער מנין פון די שכנים וואָס פלעגט זיין ביי ר׳ הערש גאָטליעב איז דערנאָך אַריבערגעגאַנגען צו מיין זיידענס הויז.

(פאַר מער איינצעלהייטען פון דעם לעבען פון הרב רבי חיים יוסף גאָטליעב זצ״ל, זעט דאָס ספר „תולדות איש ח״י״ פון מחבר הרב אברהם מאיר איזראעל שליט״א).

## דער רבי ר׳ וואָלף זצ״ל

אין יענע צייטען איז דאָס אָרעמקייט געווען זייער גרויס אין די גאַליצישע שטעטלעך. אַרימע מענער פרויען און קינדער פלעגען קומען בעטען נדבות. דאָס איז געווען אַ טאָג טעגליכע ערשיינונג. יעדער בעל הבית און באַלעבאָסטע האָט שוין געוואוסט צו האָבען אָנגעגרייט קליין געלט פאַר אורחים. די אורחים פלעגען פאַרלאָזען די שטאָט נאָך אין דעם זעלבען טאָג, און איינינע וואָס זענען געקומען שפּעטער האָבען איבערגענעכטיגט און געגאַנגען ווייטער. נאָר איין מאָל האָט איינער פון די אורחים איבערגענעכטיגט און איז נישט אַוועק, נאָר ער איז געבליבען און זיך אויפגעהאַלטען אין בית המדרש, געדאַווענט און געלערנט אַ גאַנצען טאָג און פאַר־נאַכט איז ער אַרויסגעגאַנגען בעטען עסען. אַזוי האָט ער זיך גע־פירט פאַר אַ לענגערע צייט. ער האָט אויף זיך געצויגען די אויפ־מערקזאַמקייט פון פילע מענטשען צוליב זיין פרומקייט און זיין נישט רעדען צו קיינעם. ער איז נאָר געזעסען און געלערנט.

אַ סימפּאַטישער מענטש האָט ער אויסגעזען צו זיין, און וואו ער איז געקומען האָט מען איהם געגעבען צו עסען. ער האָט חס וחלילה נישט געהונגערט. ביז איין בעל הבית מיט דעם נאָמען וויינבערגער האָט איהם גענומען פאַר זיין איידעם. ער איז אויך נאָך דער חתונה געזעסען און געלערנט, און דער שווער און שוויגער האָבען זיי אויסגעהאַלטען מיט אַלעם גוטען און האָבען געהאַט נחת פון זיי.

אָבער ווען דער שווער איז געשטאָרבען האָבען די פרויען פון שכינות באַלד איינגעזען זייער לאַגע, האָבען זיי דערפילט אַז עס

איז זייער פליכט צו באַזאָרגען זיי אַז דער רבי זאָל נישט ליידען פון קיין הונגער, ווייל נישט דער רבי קען באַזאָרגען פאַר זיך פּרנסה און נישט זיין ווייב געהאַט די מעגליכקייט וואָס צו טאָן פאַר זיך און פאַר איהר מאַן, וועלכער איז געזעסען יומם ולילה און געלערנט. דערפאַר אָבער האָבען די סטראָפּקאָווער ווייבער, די נשים צדקניות, יאָ געוואוסט אַז עס איז זייער מצוה צו שטיצען אַזאַ צדיק, און זיי האָבען איהם אויסגעהאַלטען בכבוד גדול, און איהם גערופען רבי, און אין אַן עת צרה האָבען זיי איהם געגעבען אַ קוויטל מיט אַ פּדיון און איהם געבעטען ער זאָל מתפּלל זיין. און מיט דער צייט האָבען איהם אַלע גערופען רבי ר׳ וואָלף זצ״ל.

דער רבי האָט געהאַט אַ זון, און איך געדענק זיינס אַן אייניקעל, ר׳ וואָלף יעקילס האָט מען איהם גערופען. ער איז געווען אַ שטילער באַשיידענער מענטש און אַ גרויסער ערליכער איד. זיין פרוי איז יאָ געווען אַן אשת חיל און אַ טויגליכע פרוי. זי האָט אַ סך געהאָלפען צו דער פּרנסה. זיי האָבען אויך געהאַט שיינע געראָטענע זין.

דער רבי ר׳ וואָלף און דער רב ר׳ חיים יוסף האָבען געהאַט שלום צווישען זיך און זיי האָבען אָפּגעגעבען כבוד איינער דעם אַנדערן, ווייל דער רבי האָט זיך נישט געמישט אין קהל׳שע ענינים און ווייניג גערעדט וועגען וועלט זאַכען. נאָר אין די יאָהרען אַרום 1840, ווען די אונגאַרן האָבען געמאַכט אַן אויפשטאַנד קעגען דער עסטרייכישער רעגירונג און זיך געוואָלט באַפרייען פון איר ממשלה און זיין זעלבסטשטענדיג, און די עסטרייכער האָבען געבעטען פון רוסלאַנד איר צו העלפען, דורך אַריינשיקען רוסישע זעלנער קיין אונגאַרן און באַזיגען דעם אונגאַרישען העלד קאָשוטלאַיאָש, אין יענער צייט זענען אַלע אידען געווען פאַראינטערעסירט און געוואָלט וויסען וואָס וועט זיין בעסער פאַר אידען. דער רב ר׳ חיים יוסף האָט געהאַלטען אַז עס איז בעסער אַז די רוסישע זעלנער זאָלען קומען און די עסטרייכער זאָלען האָבען די ממשלה איבער אונגאַרן ווי געווען, און דער רבי ר׳ וואָלף איז געווען ביי דער מיינונג אַז עס וועט זיין בעסער די אונגאַרן זאָלען זיגען און זיין זעלבסט- שטענדיג, און די רוסען זאָלען נישט קומען העלפען פאַר די עסט-

רייכער. האָבען אידען דערציילט, אַז דעם ערב פסח ביים באַקען די שמורה מצות, האָט דער רב געזאָגט ביים אריינרוקען אַ מצה אין אויוועז, אַז די רוסען זאָלען אַריינקומען. און דער רבי האָט געזאָגט ביים אַרויסנעמען די מצה, די רוסען זאָלען זיין אין דרויסען און נישט אַריינקומען.

עס איז ב"ה צו קיין מחלוקה נישט געקומען. זיי זענען געבליבען גוטע פריינד אויך ווייטער. דער סוף איז געווען אַז די רוסען זעניען יאָ געקומען און באַזיגט די אונגאַרן, און עסטרייך און אונגאַרן האָבען געמאַכט אַ פשרה, און זענען דורכגעקומען צווישען זיך. דאָס איז געווען אין דעם יאָהר 1845. און אידען האָבען געלעבט אין שלום אַן ערך פון 75 יאָהר אונטער דעם עסטרייכישען קייזער פראַנץ יאָזעף.

### דער דיין רבי מרדכי יצחק סאַמעט זצ"ל

אין סטראָפּקאָוו איז אין יענע יאָהרען געווען אַ דיין מיט דעם נאָמען ר' מרדכי יצחק סאַמעט. ער איז געווען אַ גרויסער תלמיד חכם, און אַ זייער סימפּאַטישער און צוגעלאָזענער מענטש. מען האָט פאַר איהם געהאַט גרויס דרך ארץ און מען האָט איהם אָפּגעגעבען אַ סך כבוד, ווייל ווען ער האָט גערעדט מיט עמיצען האָט ער אַלעמאָל געהאַט אַ סימפּאַטישען שמייכעל אויף זיין פּנים. און די עלטערע אידען האָבען אויך זייער הנאה געהאַט פון איהם, ווייל ער האָט אַלעמאָל געהאַט עפּעס אַ גלייך וואָרט צו זאָגען. און ווייל ער האָט געהאַט די אַלע מעלות איז ער געווען באַליבט ביי אַלע קלאַסען אידען פון שטאָט.

אויף דער עלטער איז ער געוואָרען אַן אלמן, און ער האָט חתונה געהאַט מיט מיין עלטער באבע יהודית פון רימאַנאָוו. ווען זי איז געקומען קיין סטראָפּקאָוו, איז מיט איר מיטגעקומען אירע צוויי זין, משה און יודל. זי איז געווען אַ גרויסע צדיקת. זי האָט זיך פאַרנומען מיט באַזוכען אָרימע קראַנקע, און ווען זי האָט געזען אַז אַ קראַנקער דאַרף האָבען גוטע נאַרהאַפטיגע עסענס האָט זי עס באַזאָרגט. מיט דער צייט האָבען אַלע איר גערופען באבע יהודית,

און איר איינגערן זון האָט מען גערופען יודל די באָבענס, און דער נאָמען איז איהם געבליבען אויף די עלטערע יאָרען. און ער איז דאָס געווען מיין זיידע ר׳ יודל די באָבענס.

נאָך דער פטירה פון דעם דיין ר׳ מרדכי יצחק סאָמעט זצ״ל איז געוואָרען רבי שלמה ברוך טענענבוים זצ״ל דער דיין אין סטראָפּקאָוו. אויך ער איז געווען אַ גרויסער תלמיד חכם, אַ גרויסער מתמיד און אַ טיפזיניקער אין לערנען. ער האָט גאָר ווייניג גערעדט סתם אַזוי. ער האָט זיך נישט געמישט אין וועלטליכע ענייניס אָדער אין שטאָטישע ענינים, ער איז גאָר געווען פאַרנומען אין לערנען.

ווי הרב איזראָעל גיט מיר איבער האָט דער צדיק רבי חיים האַלבערשטאַם זצ״ל פון צאַנז, זייער פיל געהאַלטען פון רבי שלמה ברוכ׳ן, און ער האָט דווקא געוואָלט אַז זיינע אייניקלעך זאָלען לערנען ביי איהם. אויך דער שיניעווער צדיק פלעגט זאָגען צו אייניגע אידען וואָס זענען געקומען צום רבי׳ן מיט אַ בקשה, אַז זיי זאָלען גיין צו ר׳ שלמה ברוכ׳ן, ווייל ביי איהם וועלען זיי גיכער פועל׳ן. רבי שלמה ברוך איז געווען אַ תלמיד פון הרב רבי יוסף חריף פון זבאָראָוו, און איז געווען אַ ראַפּשיצער חסיד. ער איז נפטר געוואָרען אַרום תר״מ. זצ״ל.

אין דער צייט ווען רבי שלמה ברוך איז געווען דער דיין — אין די יאָהרען אַרום תר״ח — זענען שוין דער רב רבי חיים יוסף זצ״ל און דער רבי רבי וואָלף זצ״ל נישט געווען אויף דעם עולם, און די אידען אין סטראָפּקאָוו האָבען געהאַט דאָס געפיל אַז עס פעלט אַ רב וועלכער זאָל אויפלעבען די שטאָט.

אין יענער צייט איז געווען ר׳ הערש פרידמאַן דער ראש הקהל. ער איז געווען זייער באַליבט ביים עולם, ווייל ער איז געווען זייער אַ שיינע פערזענליכקייט, מיט תורה און חכמה. ער איז אויך געווען אַ גביר און אַ גרויסער בעל צדקה, ער פלעגט געבען צדקה מיט אַ ברייטער האַנט. ער האָט געהאַט אַ שיינע הויז, מען קען זאָגען אַ מלכות׳דיג הויז, און דערצו איז ער געווען אַ גוטער מענטש און געהאַט שיינע קינדער. האָט דער עולם געוואָרט

צו הערען וואָס ער טראַכט וועגען אַ רב, און מען האָט זיך דער־ווארט. ער האָט אָנגעזאָגט אַ בשורה טובה אַז דער שיניעווער צדיק וויל קומען ווערען דער רב פון סטראָפּקאָוו.

די אידען פון סטראָפּקאָוו האָבען נישט געצווייפעלט, ווייל אַז ר׳ הערש פרידמאַן זאָגט איז עס אוודאי אמת. און אַ קורצער צייט אַרום זענען טאַקע מקויים געוואָרען זיינע רייד. און הרב הגאון הצדיק רבי יחזקאל שרגא האלבערשטאם משיניעווע איז גע־קומען מיט זיין בני בית און גבאים, און דער עולם האָט זיי אויפ־געגומען מיט כבוד און שמחה.

## סטראָפּקאָוו אַ וועלט שטאָט

זינט דער שיניעווער רבי איז געקומען קיין סטראָפּקאָוו איז געוואָרען אַן ענדערונג אין דעם אויסזען פון דער שטאָט. עס איז מער נישט געווען דאָס קליינע שטעטעל סטראָפּקאָוו, נאָר ווי אַ וועלט שטאָט האָט די שטאָט אויסגעזען. עס זענען געקומען אידען צום רבי׳ן אַלע טאָג מיט פאַרשידענע וועגענער, און אויך זייער אויסזען איז געווען פאַרשידענאַרטיג, ווייל זיי זענען געקומען פון פאַרשידענע געגענטען.

עס זענען געקומען פון פוילען אידען גבירים. מ׳האָט אָן זיי באַלד דערקענט אַז דאָס זענען רייכע מענטשען, שיין געקליידעט און קיין עין הרע הויכע און געזונטע. אויך די רבנים וואָס זענען געקומען מיט זיי זענען אויך געווען אָנגעטאָן אין שיינע בעקישעס פון טייערען זייד געמאַכט, אויף די קעפּ האָבען זיי געטראָגען קאָלפּיקעס, אויך געמאַכט פון טייערע מאַטעריאַלען, און ווינטער צייט האָבען די פוילישע חסידים געטראָגען די טייערע פּעלצען, און די רבנים האָבען געטראָגען טילעפּעס.

דעם זעלבען אויסזען האָבען געהאַט די אונגארישע אידען. די רייכע אידען האָבען אויסגעזען ווי פּריצים, שיין געקליידעט, און די אונגארישע רבנים האָבען געטראָגען פראַקס מיט ווייכע היטען מיט ברייטע ראַהמען געפּאַרעמט ווי אַ שיף, און אייניגע האָבען געטראָגען צילינדערס.

און וואָס פאַר אַ קאָנטראַסט? די אָרימע חסידים האָבן גע־טראָגן אָרימע בעקישלעך, די מערסטע טייל זענען געווען צעריסענע. היטען האָבן זיי אַממייסטענס געטראָגן ביבער היטען, נאָר אייניגע האָבן אויסגעזען ליטוישע, און אייניגע זענען געווען פלאַטשיגע און קליינע. אים שבת ווען אַלע אידען זענען געקומען אין בית המדרש האָט עס אויסגעזען ווי אַ קיבוץ גלויות פאַרשידענאַרטיג. און וויל סטראָפּקאָווער אידען האָבן דאָס געזען צום ערשטען מאָל, האָבן זיי ערשט פאַרשטאַנען אַז דאָס אידישע פאָלק איז צעזייעט און צעשפּרייט צווישען פאַרשידענע פעלקער איבער דער וועלט.

### יעדעס הויז אין סטראָפּקאָוו אַ גאַסט הויז

אַלע טאָג זענען אידען געקומען און אַהיים געפאָהרען וויבאַלד זיי האָבן געהאַט דאָס גליק צוצוקומען צום רבי'ן און געבען אים דאָס קוויטעל. ווען דער רבי האָט דעם חסיד געגעבען די ברכה, האָט ער זיך געפילט אַ גליקליכער און זיך געגרייט אַהיימצופאָרען. עס זענען אָבער געבליבען פיל אידען וואָס האָבן געמוזט בלייבען אויף דעם אַנדערן טאָג, איז שוין יעדעס אידישע הויז געווען מוכן ומזומן אַריינצונעמען אַ איד אָדער צוויי און דריי אויף איבער צו נעכטיגען און אויך עסען געבען. און חסידים זענען נישט איבער־קלייבעריש וועגן באַקוועמליכקייט אין אַזאַ צייט, זענען טאַקע אַלע הייזער געוואָרען גאַסט הייזער.

די געשעפטען ביי די סטראָפּקאָווער בעלי בתים זענען טאַקע אַנגעגאַנגען ווי געוויינליך, אָבער אַרום דעם בית המדרש און ביים רבינ'ס דירה האָט זיך געפילט אַ הייליגע אַטמאָספערע. אידען, מענער און פרויען האָבן געהאַט איין תפילה, זיי זאָלען וואָס גיכער אַריינגעלאָזען ווערען צום רבי'ן און קריגען דעם רבינ'ס ברכה מיט וואָס אַהיימצופאָרען. און וועלכער איד עס האָט דאָס אַליין נישט בייגעוואוינט קען נישט האָבען קיין באַגריף ווי דאָס האָט אויסגעזען אין דער ווירקליכקייט, ווי גוט מען זאָל דאָס נישט באַ־שרייבען.

און סטראָפּקאָווער בעלי בתים קומענדיג אין בית המדרש אין

דער פריה און אויף דער נאַכט, האָבען אויך געפּילט אַז זיי זענען ברומו של עולם. — אָט דער צושטאַנד האָט אָנגעהאַלטען ביז אַרום דעם יאָהר תרמ״ב, ווען דער רבי האָט באַשלאָסען צוריק צו פאָרען קיין שיניעווע.

### הרב רבי יצחק הערש אַמסעל

אין סטראָפּקאָוו האָט געוואוינט אַ איד מיט דעם נאָמען ר׳ פרץ אַמסעל, ער איז געווען אַ זייער ערליכער איד און אַ שטילער איידעלער מענטש. ער איז געווען ווייט פון צו זיין אַ גביר. ער פלעגט פאָרען האַנדלען אין די דערפער מיט די גוים, און ער פלעגט אָפט אַריינקומען צו מיין זיידען ר׳ לייב סופר פון פלאַטע, און דאָרט איבערנעכטיגען. ר׳ פרץ האָט געהאַט פיר זין. דער עלטסטער האָט געהייסען יצחק הערש. אַלע זענען געווען שיינע בחורים און האָבען געהאַט גוטע קעפּלעך צום לערנען. און ווי נאָר זיי זענען געוואָרען בר מצוה זענען זיי געפאָרען אין אַ ישיבה לערנען.

ר׳ יצחק הערש איז אַהיימגעקומען דער ערשטער און דער עולם האָט אים באַוואונדערט צוליב זיין אויסזען, ווייל ער איז געווען זייער אַ שיינער בחור. ווער עס האָט מיט איהם גערעדט אין לערנען האָט אין איהם געזען אַז ער איז אַ גאון וואָס איז באַהאַוונט אין ש״ס און פוסקים. ער האָט געהאַט סמיכה פון די ראשי ישיבות וואו ער האָט געלערענט און פון גאונים אין אונגאַרן. נאָך אַ מעלה האָט ער געהאַט וואָס ער איז געווען אַ שיינער בעל דרשן און זייער אַ קלוגער רעדנער, וואָס מ׳האָט געהאַט הנאה אים צו הערן. אויך זיינע אַנדערע ברידער זענען געווען געלערנטע מענטשען, און געהאַט סמיכה פון די גאונים פון אונגאַרן, און אַלע זענען געווען גרויסע ערליכע אידען און מתמידים אין לערנען.

ר׳ יצחק הערש איז אַ חתן געוואָרען צו דער טאָכטער פון ר׳ זלמן יוסף ווייגבערגער, וועלכער איז געווען אַ פאַרמעגליכער מענטש און אַ שיינער בעל הבית. ער האָט איהם צוגעזאָגט קאָסט ער זאָל קענען זיצען און לערנען און נישט דאַרפען זאָרגען פאַר פרנסה. ביי ר׳ יצחק הערש׳ן איז דער תנאי געווען אַ גרויסער

געווינס און עס האָט ביי איהם געמיינט זייער פיל, אז ער וועט קענען זיצען און לערנען אָן דאגת פרנסה. און כך הוה. נאָך דער חתונה האָט ער זיך גענומען לערנען געשמאַק, ווייל תורתו אומנתו.

און ווי דער סדר עולם איז, די צייט שטייט נישט, עס קומט די צייט און מ׳ווערט א טאַטע פון א טאָכטער, און עס קומט א זון צו מזל טוב, און דאָס לעבען גייט אָן, די פאַמיליע פאַרגרעסערט זיך, און דער געברויך ווערט גרעסער.

האָט זיך ר׳ יצחק הערש אַרומגעזען אז עס איז נישט קיין תכלית ווי עס איז. ער האָט מודיע געווען דעם שווער אז ער האָט באַשלאָסען צו גיין אויף אייגענע קעסט. ווען עס זאָל זיך טרעפען א רבנות אָדער א דיינות וואָלט ער זיך געפילט גליקליכער.

ר׳ זלמן יוסף וויינבערגער זייענדיג פון די מנהיגי הקהילה האָט איבערגערעדט די זאַך מיט דעם ראש הקהל, און זיי האָבען זיך פאַרשטענדיגט אז ר׳ יצחק הערש זאָל ווערען דער דיין אין סטראָפּקאָוו. דער עולם האָט די נייעס אויפגענומען מיט גרויס שמחה, ווייל ער איז געווען באַליבט און געאַכטעט ביי אַלע קלאַסען אידען אין דער שטאָט, און אגב ווייל אין דער שטאָט האָט געהערשט אַן אומעטיגע שטילקייט נאָכדעם ווי דער שיניעווער רבי ר׳ יחזקאל׳ע איז אַוועק פון שטאָט, און דאָס אויפנעמען ר׳ יצחק הערש׳ן פאַר דיין האָט אויפגעלעבט די געמיטער ביים עולם, און עס האָט אַלעמען פרייליכער געמאַכט.

אפילו דער דיין ר׳ שלמה ברוך האָט אויך מסכים געווען און מיט גרויס צופרידענהייט אויפגענומען די נייעס, ווייל אויך ער האָט א סך געהאַלטען פון ר׳ יצחק הערש׳ן, און האָט זיך געפרייט אז זיין ממלא מקומו איז ראוי דערצו.

ר׳ יצחק הערש׳ס ברידער ר׳ משה איז געוואָרען דער שוחט אין איהעל, ר׳ אלעזר איז געוואָרען רב אין א שטעטעל אין אונגאַרן, און דער אינגסטער ברידער ר׳ ליפּא, אויך א תלמיד חכם, איז נעבעך געשטאָרבען יונגערהייט.

די צייט איז געקומען און דער באַליבטער דיין ר׳ שלמה ברוך זצ״ל איז נפטר געוואָרען בשיבה טובה, האָט מען אויפגענומען ר׳ הערשעלע׳ן פאַר דעם צווייטען דיין. ער איז געווען דער איידעם

פון ר׳ יודל פרידמאַן. ער איז געזעסען און געלערנט תמיד, ווייל דער שווער האָט איהם צוגעזאָגט אייביגע קעסט. ר׳ הערשעלע איז געווען אַ גרויסער תלמיד חכם און האָט געהאַט סמיכה פון גרויסע גאונים, איז ער געווען ראוי מ׳זאָל איהם אויפנעמען צו זיין דער דיין און מ׳זאָל איהם געבען כבוד, ווייל ער איז געווען אַ זייער בכבוד׳יגער מענטש און ער האָט עס פאַרדינט.

פאַר דעם דריטען דיין צו דין תורה׳ס פלעגט ר׳ יצחק הערש רופען דעם זעהר גערעספּעקטירטען און גרויסען געלערנטען ר׳ משה שענפעלד. זיין פּנסה האָט ער געהאַט זייענדיג אַ מלמד מיט די חתן בחורים, אָבער ער איז געווען ראוי צו זיין אַ דיין אָדער אַ רב. ער איז געווען אַ מענטש מיט גאָר אַ סך מעלות, און ר׳ יצחק הערש פלעגט מיט איהם פאַרברענגען אַ סך צייט אין לערנען.

עס שטעלט זיך די פראַגע, פאַרוואָס האָט מען אין סטראָפּקאָוו געדאַרפט האָבען דריי דיינים? איז דער תירוץ, ווייל אין שטאָט האָבען אידען אַנטוויקעלט דאָס געהילץ געשעפט און בוי מאַטעריאַלען, און די בילדערס פון הייזער און בריקען איבער וואַסערן פלעגען צום מערסטען מאָל אָננעמען די אַרבעט בשותפות, און ווען זיי זענען פּאַרטיג געוואָרען מיט איין אונטערנעמונג האָבען זיי זיך נישט גע־קענט צעטיילען מיט דעם ריוח נאָר ביי אַ דין תורה. און די אידען וואָס זייערע נעמען זענען געווען ר׳ יהודא הערש וויינבערגער, זיין ברודער ר׳ בעריש וויינבערגער, ר׳ משה לאַרבער, ר׳ יצחק רייך און אַנדערע, זענען געווען ערליכע און חסידישע אידען און זייער קלוגע מענטשען, נאָר יעדער איינער האָט זיך געהאַלטען אַז ער איז קליגער פון דעם אַנדערן. איבערהויפּט ר׳ בעריש וויינבערגער איז געווען אַ איד אַ בן תורה, און ער פלעגט זיך שפּאַרען מיט דעם בית דין מיט טענות אַז על פי דין איז ער באַרעכטיגט צו אַ גרעסערן טייל פון דעם ריוח, און דער בית דין האָט איהם געדאַרפט איבערשפּאַרען און איבערווייזען אַז ער איז נישט גערעכט מיט זיינע טענות. און די דין תורה׳ס זענען געווען אָפטע ערשיינונגען וואָס די דיינים זענען דערביי פאַרמאַטערט געוואָרען.

* * *

אין סטראָפּקאָוו אַרום די יאָהרען תר״מ (1880) איז די אַלגע־מיינע לאַגע געווען אַ רוהיגע. געשעפטליך איז יעדער איד אַנגעגאַנגען

מיט זיין טאָג טעגליכער באַשעפטיגונג, און וועגען קהל'שע ענינים זענען אידען געווען אין אַ גאַנץ צופרידענער שטימונג. ר' יצחק הערש, הגם ער איז אָפיציעל געווען דער דיין, אָבער דער עולם האָט אים ווי אנערקענט אַלס רב, ווייל ער האָט געהאַלטען זעהר אינטערעסאַנטע און באַלערנדיקע דרשות אין בית המדרש און אין דער שוהל וואו ער פלעגט דאַווענען געוויסע שבתים און האַלטען דרשות האָבען אויך די שוהל אידען גרויס הנאה געהאַט, איז די אַטמאָספערע געווען גאַנץ צופרידענשטעלענד. דער ראש הקהל האָט אָבער מודיע געווען אַז באַוואוסטע רבנים האָבען געלאָזט וויסען אַז זיי ווילען אַננעמען דעם כסא הרבנות פון סטראָפּקאָוו. און איינער פון די רבנים איז דער רב פון זבאָראָוו הרב משה יוסף טייטלבוים. סטראָפּקאָווער אידען האָבען געוואוסט ווער ער איז. זיין נאָמען האָט גע'שמ'ט אַלס דער גרויסער גאון און בן קדושים האָבען זיי גערעכענט אַז עס וועט זיין אַ גרויסער כבוד פאַר דער קהלה ער זאָל זיין דאָ דער רב. און ביי אַן אסיפה איז טאַקע באַשלאָסען געוואָרען מ'זאָל אויפנעמען דעם חשוב'ען גאון וצדיק הרב ר' משה יוסף טייטלבוים אַלס סטראָפּקאָווער רב, און דער ראש הקהל מיט נאָך אייניגע בעלי בתים זענען געווען די שליחים צו פאָרען צום רב, און מיט זעהר וואַרימע ווערטער האָבען זיי אים מודיע געווען דעם באַשלוס פון סטראָפּקאָוו. נאָך דעם האָט דער רב באַדאַנקט דעם ראש הקהל מיט די בעלי בתים מיט זעהר וואַרימע ווערטער און פאַסיגע ברכות צו אַלע אידען פון סטראָפּקאָוו.

אין דעם טאָג וואָס דער רב איז געקומען איז אַ גרויסער עולם אים אַקעגענגעגאַנגען און מיט געזאַנג אים אַריינגעפירט אין בית המדרש. אַלע אַנוועזענדע האָבען זיך געפילט אין אַ זעהר געהויבענער שטימונג. אידען האָבען זיך געווינשען ברכה והצלחה לשם ולתפארת.

אין שטאָט איז דאָס לעבען אַנגעגאַנגען נאָרמאַל. יעדער איד איז געווען פאַרנומען מיט זיינע געשעפטען און די מלחמה שטימונג וואָס האָט געהאַלטען געשפּאַנט דעם אידישען ישוב אין אונגאַרן, דורך דער צייט ווען די אונגאַרן האָבען זיך געוואָלט אָפּרייסען פון עסטרייך און זיין זעלבסטשטענדיג, דורך דער צייט האָבען אידען געלעבט אין פחד. אָבער מיט דער הילף פון השי"ת איז אַלעס

פאַראיבערגעגאַנגען אָן קיין שום אינצידענט, ווייל עסטרייך האָט געמאַכט אַ פּשרה מיט די אונגאַרן און זיי זענען איינגעגאַנגען מיט דעם און עס איז שלום געוואָרען, און אידען האָבען פרייער אָפּגע־אָטעמט, ווייל נאָר אין אַ צייט פון שלום קענען אידען אַנגיין מיט דעם אידישען לעבענסגאַנג. דערפאַר בעטען אידען אין זייערע תפילות אַזויפיל פאַר שלום.

* * *

אין חומש אין פּרשת וישב ווערט דערציילט אַז אונזער זיידע יעקב האָט גערעכענט ווייל ער איז דורכגעגאַנגען פיל שוועריגקייטען אין זיין לעבען ביז אַצינד, וועט ער פון איצט אָן פּרובירען לעבען רואיג. אָבער שלום איז טאַקע אַ גוטע זאַך וואָס אַלע מענטשען וואָלטען וועלען געניסען, אָבער מ׳קען דאָס אַליין נישט נעמען. מען דאַרף דאָס בעטען ביי השי״ת און ווער עס האָט דאָס גליק עס צו האָבען האָט עס.

די סטראָפּקאָווער אידען האָבען דורגעמאַכט שטורמישע צייטען, אָבער אין זייער גייסטיגען לעבען האָבען זיי נישט געהאַט וואָס זיך צו באַקלאָגען. זיי האָבען געהאַט דעם זכות צו האָבען די בעסטע און חשוב׳סטע רבנים וועלכע האָבען מפרסם געמאַכט די שטאָט פאַר דער וועלט, און אויך איר פאַרשאַפט אַ חשוב׳ען נאָמען ביז אַהער, און אויך איצט מיט דעם רב רבי משה יוסף טייטלבוים, וועלכער איז באַוואוסט אַלס גאון און צדיק און בן קדושים, האָבען זיי מיט רעכט געהאָפט צו האָבען אַ גייסטיגען פאַרגעניגען פון דעם רב אַ:ן פון די זעהר חשוב׳ע דיינים. אָבער די השגחה האָט געפירט אַנדערש ווי מ׳האָט זיך פאַרגעשטעלט.

וואָס האָט פּאַסירט? פאַר אַ צייט איז טאַקע געווען זעהר שלום און שלוה און אידען זענען אין די וואָכען טעג געווען פאַרטאָן אין זייערע מסחרים און שבת אין בית המדרש און אין שוהל זענען די אידען אַנגעגאַנגען מיט זייערע מנהגים. אין בית המדרש זענען אידען געזעסען און געלערנט און אין שוהל האָט מען געזאָגט תהלים. אָבער צוביסלעך האָט מען געזען אידען זענען פאַרנומען מיט ריידען סודות איינער צום אַנדערן. אין וואָס זענען באַשטאַנען די סודות? דער רב האָט געגעבען אַנצוהערן אַז איהם געפעלט נישט רבי יצחק הערש דעם דיינ׳ס פירונג. אידען האָבען גאַרנישט פאַרשטאַנען

וואָס ער מיינט דערמיט. און דער ראש הקהל האָט אויך נישט געוואָלט מ'זאָל רעדען דערפון, האָט ער קיינעם נישט געזאָגט וואָס דער רב מיינט. אידען זענען דאָך געווען נייגעריג צו וויסען, האָט איינער דעם אַנדערן געפרעגט און קיינער האָט נישט געוואוסט צו ענטפערן וואָס דעם רב'ס טענות זענען. אָבער דער רב איז געשטאַנען פעסט אויף זיינע טענות און האָט זיך זייער געערגערט.

זיינע נאָענטע פריינט כאָטש זיי אַליין האָבען נישט געזען קיין עוולה אויף דעם דיין, אָבער זיי האָבען געהאָט עגמת נפש זעענדיג דעם רב ווי ער ערגערט זיך. צוביסלעך און מיט דער צייט האָט זיך די מחלוקה צעפלאַקערט. דעם רב'ס נאָענטסטע פריינט זענען געוואָרען דערוויטערט פון ר' יצחק הערש'ס פריינט, ווייל אויך דעם דיינ'ס נאָענטע האָבען נישט געקענט צוזען ווי ר' יצחק הערש איז זיך מצער וועגען דעם. עס איז געקומען אַזוי ווייט אַז דער רב האָט גע'אסר'ט דאָס כשרות ביי די בעלי בתים וואָס האַלטען מיט ר' יצחק הערש'ן, און אַ חסיד פון דעם רב טאָר נישט טועם זיין אין אַ הויז פון יענע אידען.

מיין טאַטע האָט מיר דערציילט אַז איך בין געבוירען אין יענע וואָך. און ווי דער מנהג איז, מ'האָט געמאַכט אַ שלום זכר און מ'האָט געלאַדענט משפחה און פריינט, און דער פעטער ר' משה וויינשטיין, דעם זיידענ'ס ברודער איז געקומען און געווינשען מזל טוב און האָט גאַרנישט געוואָלט טועם זיין, ווייל ער איז געווען נאָענט צום רב און נישט געוואָלט עובר זיין אויף דעם רב'ס איסור.

און יענע וואָך טאַקע האָט דער ראש הקהל איינגעלאַדענט רבנים פון די נאָענטע שטעט און ביי אַ דין תורה איז ב"ה שלום געוואָרען. און ביי מיין סעודת ברית מילה זענען געזעסען דער רב צוזאַמען מיט ר' יצחק הערש'ן, און עס איז געווען שלום על ישראל.

אַ צייט שפּעטער, נאָך דער פּאַסירונג, איז דער רב געפאָרען קיין איהעל, וואו ער איז אויפגענומען געוואָרען אַלס רב.

די אידען אין סטראָפּקאָוו זענען אפילו געווען צופרידען מיט דעם אויסגאַנג פון דער מחלוקה אַז אַלעס האָט זיך געענדיגט בכי טוב און וואָלטען געווען גערן וויליג דער רב זאָל בלייבען אין סטראָפּקאָוו. ווען ער איז אַוועק קיין איהעל האָבען זיי געהאַט

שמערצליכע געוויסענסביסע, און האָבען זיך אליין געפרעגט פאַרוואָס האָט דאָס פּאַסירט, און וויאַזוי האָט דאָס געקענט פּאַסירען, ווייל אי דער רב אי דער דיין זענען גרויסע צדיקים און קלוגע אידען? פאַרשידענע תירוצים זענען געגעבען געוואָרען, אָבער עס האָט נישט צופרידענגעשטעלט די פרעגערס. וויל איך איבערגעבען איין תירוץ וואָס איך האָב געהערט פון חסידישע אידען.

צוויי סטראָפּקאָווער אידען זענען געפאָרען אויף אַ שבת קיין שיניעווע. דער רבי האָט זיי אַ פרעג געטאָן וואָס הערט זיך עפּעס אין סטראָפּקאָוו? האָבען זיי איהם דערציילט אַז מען האָט אויפגענומען הרב ר' משה יוסף טייטלבוים פאַר רב אין סטראָפּקאָוו. אַזוי? האָט ער אַפרעג געגעבען, און מיך האָט מען גאָרנישט געפרעגט? ער איז פאַר אַ ווײַלע שטיל געווען. שפּעטער האָט ער געזאָגט בזה הלשון: איך האָב געמיינט אַז מיין שלום וועט זיין דער רב אין סטראָפּקאָוו, אָבער אַז איר האָט שוין אַן אַנדערן וועט איר דאָך נישט האָבען שלום.

קיינער איז נישט מיט דער מיינונג אַז דער רבי האָט דאָס געזאָגט מיט אַ כיוון אַז עס זאָל פּאַסירען וואָס עס האָט פּאַסירט. אָבער די חכמים האָבען אַזוי געלערענט, ווען אַ צדיק זאָגט אַרויס אַ קללה אפילו אָהן אַ כוונה ווערט עס מקויים.

מיט אַ צייט שפּעטער איז הרב רבי אברהם שלום, דער זון פון דעם שיענעווער צדיק אויפגענומען געוואָרען אַלס רב אין סטראָפּקאָוו. דער רב איז געקומען און מיט איהם איז אויך געקומען דעם רב'ס זון ר' מענדעלע, אַ שיינער יונגערמאַן און זעהר אַ באַ'טעמ'טער און מיט אַלע מעלות. דער עולם האָט הנאה געהאַט פון ביידע. צום רב האָט מען געהאַט גרויס דרך ארץ, ווייל מ'האָט געפילט אַז ער איז אַ צדיק אַ בן קדושים און איז אויך געווען אַ שיינער בעל תפילה. אויך ר' מענדעלע איז געווען אַ שיינער בעל תפילה און אַן איידעלער מענטש. עס איז געווען אין בית המדרש זעהר פריילין ווען ר' מענדעלע איז געזעסען און געלערנט.

דער רב ר' שלום איז געבליבען דער סטראָפּקאָווער רב זיין גאַנץ לעבען, אפילו עס איז געווען צייטען ווען ער האָט פאַרברענגט יאָרען אין אַנדערע שטעט, אָבער זיין נאָמען איז אַלץ געווען, סטראָפּקאָווער רב. נאָר ווען ער איז נפטר געוואָרען איז ר' מענדעלע זיין זון געוואָרען

דער סטראָפּקאָווער רב. מיט אים האָט זיך געענדיגט די גאָלדענע קייט פון דעם רבנות. און בעוונותינו הרבים די סטראָפּקאָווער קהלה איז חרוב געוואָרען. חבל על דאבדין ולא משתכחין.

## אַ מופת פון סטראָפּקאָווער רבי'ן רבי שלום זצ"ל

איך האָב באַגעגענט איינינע אידען וואָס זענען געקומען פון איירעפּע ערשט נאָך דער מלחמה. אַז זיי האָבען געהערט פון מיר אַז איך בין פון סטראָפּקאָוו, האָבען זיי מיך געפרעגט צי איך וויים אַז רבי שלום דער סטראָפּקאָווער רב איז געווען אַ בעל מופת? האָב איך זיי געזאָגט אַז אין מיינע צייטען מיט 60 יאָהר צוריק האָט מען שוין געזען פון איהם אַ מופת. און איך האָב דערציילט וואָס עס האָט פּאַסירט אין יענער צייט. איך דענק אַז עס איז ווערט צו פאַרשרייבען כדי אידען זאָלען עס לייענען און וויסען.

מיט יאָהרען צוריק איז אַ שייגעץ פון סטראָפּקאָוו אַוועק קיין אַמעריקע. זייענדיג אין אַמעריקע זעט אויס אַז ער האָט מצליח געווזען און געמאַכט גענוג געלט און איז אַהיימגעקומען מיט אַן אויסזען פון אַ רייכען פריץ. ער האָט אויך געהאָט אַ פרוי מיט אַ טאָכטער. ער האָט געקויפט אַ הויז מיט אַ געוועלב אויף דער הויפּט גאַס. די אידען איז דאָס נישט געפעלען, ווייל ביז דעמאָלט זענען אַלע הייזער מיט די פאַרשידענע געשעפטען געווען פאַרנומען נאָר פון אידען. דער גוי האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט און איינגע־ריכט דאָס געוועלב פאַר אַ ווערטסהויז, גאָר נעבען דעם הויז פון ר' שלמה העניג'ס ווערטסהויז. ר' שלמה העניג האָט באַלד דערפילט די געפאַר, ווייל די גוים וועלען אוודאי גיין טרינקען צום גוי און נישט צו אים און ער וועט חלילה בלייבען אָן פרנסה.

ר' שלמה העניג איז געווען זעהר אַ גוטער מענטש און גרויסער ערליכער איד, און אַלע אידען האָבען מיטגעפילט מיט איהם און זענען געווען באַזאָרגט. אָבער ר' שלמה אַליין האָט נישט אויסגעזען אַז ער פילט די גרוים פון די צרה אין דער ווירקליכקייט. דער גוי האָט געענדיגט די אַרבעט און פאַרשענערט דאָס געוועלב און אַריינ־געברענגט די סחורה וואָס איז באַשטאַנען פון פלעשלעך פאַרשידענע

געטראַנקען. זיין ערלויבניש פון דער רעגירונג האָט געלויטעט אַז ער מעג נאָר פאַרקויפען אַ פלעשל בראָנפען און נישט אַ גלעזל בראָנפען ווייל ער איז געווען זייער נאָענט צו איין ווערטסהויז וואָס האָט גע־מעגט פאַרקויפען אַ גלעזל בראָנפען. אָבער דער גוי האָט זיך אַן עצה גע־געבען און האָט איינגעריכט דאָס הינטער צימער וואָס דאָרט האָבען שוין די גוים געמעגט ברענגען דאָס פלעשל און דאָס דאָרט אויסטרינקען. און אַזוי האָבען זיי געטאָן. און מ׳האָט טאַקע געזען אַז זעהר ווייניג גוים גייען צו ר׳ שלמה׳ן, אָבער צום גוי גייען יאָ אַ סך גוים, פון דעסטוועגען האָט מען אויף ר׳ שלמה׳ן נישט געזען קיין עצבות, און מ׳האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָס איז.

דעם גוי׳ס גליקען האָבען אָבער לאַנג נישט אַנגעהאַלטען. אידישע שכנים פלעגען דערציילען אַז יעדע נאַכט נאָכ׳ן פאַרמאַכען דאָס געשעפט האָט דער גוי מיט זיין פרוי זיך געקריגט און האָבען זיך געזידעלט. די זעלבע שכנים האָבען פאַרשטאַנען די אורזאַך פון זייערע קריגערייען. ער איז זי חושד אין זיין צו פריינטליך מיט די פריצים וואָס קומען דאָרט פאַרברענגען. די פרוי איז געווען אַ יונגע און אַ פריילעכע, און די הערשאַפטען האָבען געמאַכט אָפטע הוליאַנקעס און דעם גוי האָט דאָס געקרענקט, ווייל ער האָט צוגעזען ווי זיין פרוי פירט זיך מיט די פריצים.

ויהי היום אין אַ שיינעם שבת אין דער פריה, איך האָב זיך געהאַט אָנגעטאָן אין מיינע שבת בגדים און גיי אַרויס זען ווי די שחורים האָבען שיין אויסגעקערט, און די גאַס איז ריין און די זון האָט געשיינט. מיטאַמאָל זע איך ווי איניגע אידען פון דעם גוי׳ס שכנים קומען אַרויס פון זייער הויז און זיי לויפען אַריין אין איילעניש צום גוי. בין איך געגאַנגען זען וואָס דאָרט קומט פאָר. און איך האָב געזען דעם גוי אַ געשאָסענעם און אַ טויטען. מענטשען זענען זיך צוזאַמען געלאָפען. ווי די פּאָליציי און זשאַנדאַרען זענען אָנגעקומען האָבען אַלע אידען געמוזט אַרויסגיין, און זיי האָבען איהם אַוועק־געפירט און די פרוי האָט מען אַרעסטירט.

נאָכדעם האָט ערשט ר׳ שלמה העניג אויסגעזאָגט דעם סוד. אַז דער רבי ר׳ שלום האָט איהם אַלץ געטרייסט און איהם מבטיח געווען אַז דער גוי וועט האָבען אַ מפּלה. און כך הוה.

פון די מעשה, גלויב איך, ווייסען ווייניג מענטשען, און עס וועט זיי הנאה טאָן ווען זיי וועלען דאָס לייענען.

## די בעלי בתים פון סטראָפּקאָוו

ביז אהער האָב איך געשריבען ווער עס זענען געווען אין סטראָפּקאָוו די מנהיגים די חשוב'ע רבנים, די דיינים, און עס איז אַלעמען באוואוסט אַז זיי האָבען פאַרשאַפט חשיבות פאַר די שטאָט. איצט וויל איך שרייבען ווער עס זענען געווען די בעלי בתים וואָס האָבען געהאַט דעם זכות צו האָבען אַזלעכע חשוב'ע מנהיגים. איך בין זיכער אַז וועלכער איד וואָס האָט געהאַט אַן אהנונג פון סטראָפּ-קאָוו, האָט זיכער געוואוסט אַז סטראָפּקאָוו פאַרמאָגט חשוב'ע אידען און אינטערעסאַנטע אידען.

און לויט דעם כלל וואָס די חכמים האָבען אונז געלערנט גדול המעשה יותר מן העושה — דאָס מיינט ווען איינער מאַכט מעגליך פאַר אַ צווייטען צו זיצען און לערנען תורה, איז דער מענטש אויף אַ העכערע מדריגה פון אהבת תורה, ווי דער וואָס זיצט און לערנט. דערפאַר וויל איך דערמאנען אָט די נעמען פון די אידען וואָס האָבען חתונה געמאַכט זייערע געראָטענע טעכטער צו יונגע תלמידי חכמים און האָבען זיי צוגעזאָגט מפרנס צו זיין, נאָר זיי זאָלען זיצען און לערנען און נישט האָבען קיין עול פרנסה. און די אידען זענען נישט געווען קיין בטלנים, נאָר קלוגע געשעפטסלייט, אָבער זייער צדקות איז געווען אַזוי גרויס אַז תורה איז געווען דער אידעאַל פון זייער לעבען, און זיי זענען געווען וויליג זיך צו טיילען מיט וואָס זיי האָבען, מיט דעם איידעם דעם תלמיד חכם.

דער ערשטער פון דעם סאָרט איז געווען דער אַלעמען באַליב-טער ראש הקהל ר' הערש פרידמאַן. ער איז געווען אַ מענטש מיט אַלע מעלות. ער איז געווען אַ גרויסער חכם און אַ גרויסער עושר און אַ גרויסער ערליכער איד. ער האָט געגעבען צדקה מיט אַ ברייטער האַנט, און זיין איידעם איז געווען דער גרויסער צדיק ר' יעקב יוסף וואָס אויף זיינע עלטערע יאָהרען האָט ער געהאַט חסידים און זיין נאָמען האָט גע'שמ'ט אין דער וועלט. ער איז נאָר געזעסען און געלערנט און דער שווער האָט איהם מפרנס געווען.

דער צווייטער ערליכער איד איז געווען מיין עלטער עלטער פעטער ר׳ יעקב הערש גוטמאַן. ער האָט געפירט גרויסע געשעפטען און איז געווען אַ גרויסער בעל צדקה און געהאַט צוויי געראָטענע קינדער, אַ זון מיט אַ טאָכטער. ער האָט חתונה געמאַכט די בת יחידה צו ר׳ מנחם אָרענשטיין, אַ גרויסער תלמיד חכם און אַ צדיק. ר׳ מנחם און ר׳ יעקב יוסף זענען געזעסען אַ גאַנצען טאָג אין טלית ותפלין אין בית המדרש און געלערנט. פּאַרנאַכט זענען זיי אַהיים געגאַנגען עפּעס עסען און צו מנחה זענען זיי שוין געווען צוריק אין בית המדרש, און דער שווער האָט איהם מפרנס געווען.

דער דריטער האָט געהייסען ר׳ זלמן יוסף וויינבערגער. אַ קלוגער לעדער סוחר און אַ שיינער בעל הבית. ער האָט זיך אָפּגע־געבען מיט קהל׳שע ענינים, און איהם איז געפעלען צו האָבען פאַר זיין איידעם דעם גאון ר׳ יצחק הערש אַמסעל. פאַר פּרנסה האָט ער ער איהם געזאָגט נישט צו זאָרגען, ער זאָל נאָר עוסק זיין אין לערנען. דער שווער האָט זיך געפילט גליקליך און געדאַנקט השי״ת פאַר דעם זכות, ווייל צו האָבען אַן איידעם אַ בן תורה איז ביי איהם געווען טייערער ווי אַלעס.

דער פערטער פון דעם סאָרט ערליכע אידען האָט געהייסען ר׳ יודל פרידמאַן. ער איז געווען זעהר אַ חשוב׳ער בעל הבית. זיין געשעפט איז געווען אַ שענק, אַ ווערטסהויז אין דעם בעסטען פּלאַץ פון דער שטאָט. ער האָט זיך געפירט זעהר אַריסטאָקראַטיש און איז געווען אַ גרויסער חסיד און ערליכער איד. ער האָט געהאַט צוויי זין און אַ בת יחידה. אויך ער האָט נאָר געזוכט צו האָבען אַן איידעם נישט סתם אַ בחור נאָר אַ בן תורה. ער איז געווען זעהר איבער־קלייבעריש. השי״ת האָט איהם מזכה געווען מיט אַן איידעם. זיין נאָמען איז געווען ר׳ הערשעלע. אַ גרויסער תלמיד חכם מיט סמיכה פון גאונים. ער האָט געהאַט התרת הוראה. אַזאַ איידעם האָט ר׳ יודל פרידמאַן געזוכט און געפונען.

ר׳ הערש רייך איז געווען אַ חסידישער איד און אַ שטילער אָבער גוטער מענטש, אַ בעל צדקה. ער האָט געהאַט אַ שענק און איז אַלעמאָל געווען פאַרנומען מיט די גוים וואָס זענען געקומען טרינקען. זיינע צוויי זין האָט ער געוואָלט זאָלען קענען לערנען.

דער אינגסטער זון אשר איז געווען זעהר אַ גערעטענער און ער האָט איבערגענומען צו פירען דאָס געשעפט נאָך זיין חתונה. ר׳ הערש האָט אויך געהאַט צוויי טעכטער און ביידע האָבען חתונה געהאַט צו חשוב׳ע בחורים גרויסע תלמידי חכמים פון שיינע משפחות. איינער האָט געהייסען ר׳ מנשה. ער איז געזעסען און געלערנט. מען האָט איהם קיינמאָל נישט געזען ער זאָל מבטל זיין די צייט און נישט לערנען. ער איז אויך געווען זעהר אַן ערליכער איד. דער צווייטער איידעם האָט געהייסען ר׳ יחזקיה גרינוואַלד, אַ זעהר שיינער און קלוגער און אויך אַ פרומער. ער האָט זיך שוין געפירט רבניש, ווייל ער איז געווען פון אַ רבנישער משפחה. ר׳ הערש רייך האָט מפרנס געווען זיינע איידעמס די תלמידי חכמים.

ר׳ משה רייך איז געווען אַ גאָר הויכער מענטש און חסידישער איד. זיין געשעפט איז געווען סחורה פאַר מענער קליידער און פאַר פרויען קליידער. זיין געוועלב איז געווען אַלעמאָל צוזאַמען גערוימט, אַזוי ווי די גרוים שטאָטישע געשעפטען. ער איז געווען אַ שטרענגער אָבער נישט קיין שלעכטער מענטש. ער האָט זיך געפירט בעל בתיש. ער האָט געקענט לערנען און אַלעמאָל געהאַט אַ ספר אין האַנט, אין געשעפט ווען ער איז נישט געווען פאַרנומען, אין בית המדרש פלעגט ער זיצען ביי אַ גמרא און לערנען. ער האָט געהאַט אַ זון און אַ טאָכטער. דער זון האָט חתונה געהאַט אין אַן אַנדערער שטאָט און נישט געוואוינט אין סטראָפּקאָוו. די טאָכטער האָט חתונה געהאַט מיט אַ בחור פון ריישע, יצחק הויזמאַן, גערופען האָט מען איהם איטשעלע. זעהר אַ באַ׳טעמ׳טער יונגערמאַן. ער איז געזעסען אין בית המדרש און געלערנט אַ סך יאָהרען, און שווער און שוויגער האָבען געגעבען פרנסה און געהאַט נחת.

ר׳ הערש לייב, אַ תבואה סוחר. ער האָט געדאַווענט אין שוהל נוסח אשכנז, אָבער אַ שטריימעל און בעקישע האָט ער שבת געטראָגען. ער איז נישט געווען אַ בן תורה, אָבער אַן ערליכער איד איז ער שוין גאָר געווען. ער האָט געהאַט אַ בת יחידה זעהר אַ גערעטענע און זי האָט חתונה געהאַט מיט אַ ישיבה בחור וואָס איז געזעסען און געלערנט נאָך דער חתונה. ר׳ הערש לייב מיט זיין ווייב האָבען געקוואָלען פון נחת. אמת ער איז געווען אויסער אַ גוטער לערנער אַ שיינער בעל תפילה און שיין געזונגען.

## די חברה ש״ס

אין סטראָפּקאָווער בית המדרש איז געווען אַ חברה ש״ס. זיי האָבן געלערנט אַ שיעור גמרא יעדען טאָג בין מנחה למעריב. אַלע וואָך האָט אַן אַנדערער געזאָגט דעם שיעור. דאָס זענען געווען אידען פון עלטערן דור. אָבער דער שענסטער טיפּ וואָס חסידות האָט אַמאָל אַרויסגעגעבען. יעדער איינער איז געווען אַ תלמיד חכם און אַ געטרייער חסיד פון אַ רבי׳ן. דאָס רוב פון זיי זענען געווען פּאַרנומען אַ גאַנצען טאָג יעדער אין זיין באַשעפטיגונג. עס איז כדאי צו דערמאַנען זייערע נעמען, און זאָלען זייערע אייניקלעך און אור-אייניקלעך וויסען וואָס פאַר אַ זיידע זיי האָבען געהאַט און זיך אָנשטרענגען צו גיין אין זייערע דרכים.

ר׳ נפתלי גאָלדמאַן ז״ל — ווייל ער איז געווען אַ כהן דערמאַן איך זיין נאָמען צום ערשט — האָט געהאַלטען די מקוה פאַר אַ סך יאָהרען. ער איז געווען אַ גרויסער תלמיד חכם. ווען ער האָט געלערנט דעם שיעור פאַר דעם עולם האָט ער זיך אָפּטמאָל געבייזערט ווען איינער האָט געמאַכט אַ באַמערקונג אין לערנען וואָס איז אים נישט געפעלען. אָבער מ׳האָט געהאַט גרויס דרך ארץ פאַר איהם ווייל ער איז געווען אַ גרויסער ערליכער איד און געקענט אַ סך לערנען.

ר׳ חיים צימענט ז״ל. ער איז געווען אַ פּאַרנומענער מענטש אַ גאַנצען טאָג, ער האָט געהאַט צוויי ווערטסהייזער, אָבער קיין עושר איז ער נישט געווען. ווען ער האָט פאַרגעלערנט דעם שיעור האָט ער גערעדט קלאָר און געלאַסען. ער איז געווען אַ גרויסער תלמיד חכם און קלוגער געשעפטסמאַן. מיט דער צייט איז ער געוואָרען דער מחותן מיט׳ן רבי׳ן ר׳ יעקב יוסף.

ר׳ משה באום ז״ל איז געווען זעהר אַ שיינע פּערזענליכקייט. ער איז אין יענע צייט שוין נישט געווען באַשעפטיגט. זיין אויסזען און זיין האַלטונג איז געווען בכבוד׳יג. ער האָט ווייניג גערעדט, און אויב ער האָט עפּעס געזאָגט האָט איהם קיינער נישט איבער־געשפּאַרט, ווייל מ׳האָט געהאַט פאַר אים גרויס דרך ארץ. ער האָט געהאַט אַ הדרת פנים, און ווען ער האָט געזאָגט דעם שיעור האָט ער אויסגעזען ווי אַ ראש ישיבה. ער האָט געוואוינט צוזאַמען מיט זיינע קינדער און געהאַט נחת פון זיינע גראָטענע אייניקלעך.

ר׳ שלמה העניג ז״ל איז געווען אַן אויסערגעוויינליכער צדיק. ער איז געווען אַ פּאַרנומענער מענטש ביי זיך אין ווערטסהויז און ער האָט אויך געאַרבעט אין פעלד. זומער פלעגט ער קומען פאַרנאַכט אין בית המדרש מיט דער קאַסע, וואָס ער האָט געשניטען אין פעלד גראָז צו פוטערן די בהמות. ער האָט צו זיין הויז צוגעבויט אַ צימער פאַר הכנסת אורחים, און ער האָט זיי אויך געגעבען עסען אין דער פריה. און ווען ער האָט געזאָגט דעם שיעור פאַר׳ן עולם האָט אויסגעזען ווי גלייך דער מענטש האָט גאָרנישט געטאָן אַ גאַנצען טאָג, נאָר ער האָט זיך פאַרגעזען דעם שיעור. אויב מ׳האָט אים עפּעס געפרעגט ביים לערנען האָט ער אָן צו טראַכטען אַ סך גלייך געענטפערט. אויך איז ער געווען אַ בעל מידות טובות. ער האָט קיינעם נישט אָפּ־געזאָגט צו טאָן אַ טובה אויב מ׳האָט פון איהם פאַרלאַנגט.

ר׳ יהודה לייב דייטש ז״ל איז געווען אַ גוט מוטיגער מענטש. זיין פּנים איז שטענדיג געווען מיט אַ שמייכעל. ער איז געווען דער פּורים רב אין שטאָט פאַר אַ סך יאָהרען. און ווען ער האָט געזאָגט דעם שיעור איז ער געווען רואיג און ער האָט געלערנט קלאָר און איבערצייגענד. ער איז געווען זעהר אַ באַליבטער מענטש. אויף דער עלטער איז ער מיט זיין משפּחה אַוועקגעפאָרען קיין ארץ ישראל.

עס זענען געווען מער פון דעם סאָרט אידען ביי דעם שיעור, נאָר איך געדענק ליידער נישט זייערע נעמען. אַז איך דערמאַן זיך פון דעם בילד ווי דאָס האָט אויסגעזען, די מסיבה אַרום דעם טיש, ווי אַן עדה שיינע בכבודיגע אידען האָבען געלייכט מיט גוטסקייט, זענען געזעסען און געלערנט, דענק איך נישט אויב איך האָב דאָס געזען ערגעץ אַנדערש אין אַנדערע שטעט.

* * *

אין סטראָפּקאָוו זענען געווען אידען סוחרים, גאָר גרויסע סוחרים און קלענערע, און זענען געווען זעהר פאַרנומענע מענטשען. לערנען האָבען זיי געקענט און ערליכע אידען זענען זיי געווען, האָבען זיי זיך געזעצט לערנען ווען זיי האָבען נאָר געהאַט פרייע צייט. צום ביישפּיל ר׳ עבער גראָסמאַן, דער גרעסטער סוחר פון דער געגענט. ער איז געווען אַ גאָר פאַרנומענע מענטש. צו אים זיינען געקומען אַ סך גוים וואָס ער האָט געהאַנדעלט מיט זיי, און וויבאַלד ער האָט זיי אָפּגע׳פּטר׳ט האָט ער זיך געזעצט לערנען.

ר׳ עבער איז אויך געווען א בעל מעשים טובים. ער האָט קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט א טובה צו טאָן פאַר א איד. אויך זיין בן יחיד יחיאל איז געווען א טייערע נשמה. ער האָט נאָך אלס חדר אינגעל געטאָן טובות פאַר אָרימע אינגלעך. און ווען ער איז שוין גרעסער געוואָרען האָט ער אלץ געזוכט וועמען צו טאָן א טובה. ער איז געווען גרייט זיך צו טיילען מיט אַן אַנדערען וואָס האָט געבעטען פון איהם. ער האָט חתונה געהאָט קיין ריישע און האָט געוואוינט דאָרט נאָך דער חתונה. ער האָט געטאָן א סך טובות פאַר אָרימע אויך דאָרט. אידען פון ריישע קענען זיך נישט גענוג אָנלויבען פון אים. ער האָט טאָקע דעם זכות וואָס זיינע קינדער און אייניקלעך וואָס זענען דאָ אין אמעריקע, זענען גרויסע סוחרים און בעלי צדקה.

ביי ר׳ עבער גראָסמאַן אין שכנות האָט געוואוינט ר׳ הערש טוכמאן. ער איז געווען דער זון פון א רב פון א דערבייאיג שטעטעל. זיין באַשעפטיגונג איז געווען זייגער מאַכעריי. ער איז געווען א קלוגער איד, אָבער האָט זיך געהאַלטען ביי דער מידה סייג לחכמה שתיקה. ער איז געווען א באַשיידענער חסידישער איד. מ׳פלעגט אים זען אָפט זיצען ביי א גמרא אין בית המדרש. ער האָט געהאָט א שיינע משפחה, דריי טעכטער און צוויי זין. אויך זיי זענען געווען שטילע בכבוד׳יגע מענטשען. די פרוי זיינע איז געווען גאַר א צדיקת.

ר׳ מיכאל הענדלער ז״ל איז געווען א סוחר, און מ׳האָט אים געהאַלטען פאַר אַן עושר, ווייל ער האָט געטאָן גרויסע געשעפטען. ער איז געווען פאַררעכענט פאַר א שיינעם בעל הבית און האָט זיך געפירט זעהר בכבוד. מ׳האָט אים געהאַלטען פאַר א תלמיד חכם. ער האָט געהאָט דריי זעהר געראָטענע זין און אויך זיי האָבען געקענט שיין לערנען.

ר׳ אשר פרידמאַן, ר׳ אשר פאלים האָט מען איהם גערופען, ער איז געווען פון עלטערן דור און איז געווען א גרויסער ערליכער איד. ער האָט געהאָט זעהר געראָטענע זין. דער עלטסטער זון ר׳יואל שוחט איז געווען א שיינער בעל תפילה און ווען ער האָט געזונגען אַ זמר און זיין ברודער נפתלי מיט זיין זון הערש לייזער האָבען איהם אונטערגעהאָלפען, איז געווען וואָס צו הערען. דער עולם האָט

געהאַט אַ גרויסע הנאה. אויסערדעם וואָס זיי זענען געווען שיינע זינגערס זענען זיי אַלע געווען גוטע לערנערס און קלוגע מענטשען.

* * *

ר' יואל דער ראש הקהל פרידמאַן. ער איז געווען דער זון פון דעם באַרימטען און באַליבטען ר' הערש פרידמאַן דער ראש הקהל. ר' יואל ווי זיין פאָטער איז אויך געווען אַן אָנציענדע פּער־זענליכקייט. זיין האַלטונג און זיין גאַנג איז געווען ווי אַ בן מלך. ער האָט געטאָן גוטע געשעפטען, און ער איז געווען אַ זעהר בכבוד'יגער בעל הבית. זיין הויז איז געווען אַ בית ועד לחכמים, און ער אַליין איז געווען אַ תלמיד חכם, אַ חסיד און גרויסער ערליכער איד מיט אַ הדרת פנים.

ר' חיים יוסף פרידמאַן און ר' אהרן פרידמאַן, די ברידער פונעם ראש הקהל, זענען אויך געווען זעהר שיינע חסידישע אידען. געשעפטסלייט און ערליכע פרומע מענטשען. זיי פלעגען זיצען אין בית המדרש און לערנען.

ר' אליעזר האַסענפעלד, אַן איידעם פון ר' הערש פרידמאַן איז געווען גאָר אַ שיינער און חסידישער איד. ער האָט געפירט אַ מעבל געשעפט און מ'האָט איהם געהאַלטען פאַר אַ קלוגען מענטש. ער האָט זיך געפירט זעהר אַריסטאָקראַטיש. זיינע רייכע און שיינע קליידער האָבען געצויגען די אויפמערקזאַמקייט פון אַלעמען, און מ'האָט איהם אָפט געזען זיצען און לערנען.

ר' חיים יוסף גוטמאַן, דער זון פון ר' יעקב הערש, איז געווען אַ זעהר באַגאַבטער מענטש און שיינע פּערזענליכקייט. זיין געשעפט איז געווען ווייַן סוחר. עס איז איהם גוט געגאַנגען און ער האָט זיך געפירט ווי אַן עושר. מיט דער צייט איז ער געוואָרען דער ראש הקהל. מ'האָט איהם געהאַלטען פאַר איינעם פון די גאָר קלוגע אידען. ער האָט זיך געפירט זעהר חסידיש, און געלערנט ווען נאָר ער האָט געהאַט די געלעגענהייט.

ר' אליעזר פרידמאַן, דער זון פון ר' יהודה פרידמאַן, איז געווען זהער אַן אינטערעסאַנטער און באַ'טעמ'טער מענטש. ער האָט געהאַט אַ רייכען שווער. אים איז געלונגען צו זיין דער אייגענטימער פון שטאָק, דאָס איז געווען דאָס גרעסטע און בעסטע הויז אין שטאָט, און עס איז אַ סברא אַז ער האָט געהאַט פרנסה פון דעם. ווייל

ער האָט געהאַט דאָס הויז פּאַרדונגען, איז ער נישט געווען באַשעפּ־טיגט, דערפאַר איז ער אַלעמאָל געווען רוהיג און געלאַסען. ווען מען האָט איהם געזען איז ער געווען אַלעמאָל גרייט צו זאָגען אַ גלייכוואָרט. השי"ת האָט איהם באַשאָנקען מיט אַלע מעלות, תורה חכמה און מזל ברכה, האָט מען איהם טאַקע אָפט געזען אין בית המדרש זיצען און לערנען. מיט דער צייט איז ער געוואָרען דער ראש הקהל אין שטאָט.

* * *

ר' יואל פרידמאַן. ער איז אויך געווען פון די פרידמאַן משפחה און האָט זיך געפירט זעהר בעל הבתיש. ער האָט אויך געפירט אַ שיין געשעפט און מ'האָט איהם געהאַלטען פאַר אַן עושר. איהם פלעגט מען רופען דער אייזערנער יואל, ווייל זיין געשעפט איז געווען אייזענוואַרג און האָט געטאָן אייזערנע געשעפטען. זיי האַלטונג איז געווען ווי פון אַן אַריסטאָקראַט. זיינע שבת'דיגע בעקישעס זענען געווען די שענסטע און די בעסטע. ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ רייכען חסידישען בעל הבית. ער האָט אויך געהאַט אַ שיינעם גערעָטענעם איידעם. חנינה איז געווען זיין נאָמען. ער האָט באַזיצט אַלע מעלות. מ'האָט איהם געהאַלטען פאַר אַ קלוגען יונגערמאַן. ער האָט שיין געדאַווענט און געזונגען שיינע ניגונים.

ר' דוד האַסענפעלד, דער איידעם פון ר' משה באום, איז געווען אַ חסידישער איד, און דערצו אַ בילד שיינער מענטש. אַ גע־שעפטסמאַן און אַן אינטעליגענטער וועלטס מענטש. ער האָט זיך געפירט זעהר בעל הבתיש אין זיין קליידונג. ער איז טאַקע געווען זעהר געאַכטעט ביי אַלעמען. זיינע קינדער זענען געווען זעהר גע־ראָטענע. איבערהויפּט זיין זון איז געווען אַן אויסנאַם פון אַ שיין געראָטען בחור'ל. ישעי' הערץ האָט ער געהייסען. ר' דוד און זיין זון האָבען געקענט שיין לערנען.

ר' אברהם אבא מעלער האָט געהאַט אַ געוועלב פון עסענוואַרג. דערצו האָט ער געטאָן תבואה געשעפטען. ער איז געווען זעהר אַן ענערגישער מענטש. ער האָט געהאַט אַ שיינע משפחה. ר' אברהם אבא איז געווען נידעריג געוואַקסען מיט אַ פולען קערפער, אָבער זיין חכמה און זיינע וויצען און אויך זיינע אַנדערע מעלות האָבען זיך געלאָזט הערען. אין געזעלשאַפט פון אַ רעדל אידען האָט מען

נאָר איהם געהערט און געהאַט הנאה. ער איז געווען אַ חסידישער איד, און פלעגט זיצען אין בית המדרש און לערנען בין מנחה למעריב.

ר׳ יעקב זיסקינד, דער שוואָגער פון רבי יצחק הערש און דער צווייטער איידעם פון ר׳ זלמן יוסף, איז געווען גאָר אַ גראַטענער און אינטערעסאַנטער מענטש. זיין אויסזען איז געווען פון אַ שיינעם חסידישען און געלערנטען איד. ער איז אָבער געווען אַזוי פעהיג און באַהאַווענט אין פאַרשידענע געשעפטען, ווי לעדער, שניטוואַרע, זילבערוואַרג, דיאַמאַנטען, און אַלעם פון דאָס בעסטע, און דערצו האָט ער געגרינדעט די ערשטע באַנק אין שטאָט. זיין רעדען איז געווען ווי פון אַ וועלטס חכם. ער האָט געקענט שיין לערנען און געהאַט הצלחה אין אַלע זיינע געשעפטען.

ר׳ אהרן בערגמאַן איז אויך געווען אַ חסידישער איד, און איז געווען פאַרנומען אין זיין געוועלב פון וואַרעס. זיינע קונים זענען געווען פרויען פון די דערפער וואָס האָבען געקויפט ביליגע וואַרעס. ער האָט געקענט גוט לערנען און איז אַלעמאָל געווען מיט אַ פריילעך פנים. מ׳האָט איהם זעהר ליב געהאַט, ווייל ער איז געווען אַ מענטש מיט אַלע מעלות, תורה און חכמה.

ר׳ בעריש וויינבערגער איז געווען אַ האָלץ סוחר. ער איז געווען באַהאַווענט אין די בוי מאַטעריאַלען. ער איז אַלעמאָל געווען אַ שיתוף מיט די אַנדערע האָלץ סוחרים ווען עס איז געווען עפּעס אַ געשעפט צום בויען. ער האָט געקענט גוט לערנען און איז געווען באַהאַווענט אין חושן משפט. די שותפים האָבען איהם נישט געקענט נאַרען, ווייל ער איז געווען זעהר קלוג. מ׳האָט איהם טאַקע גערופען דער רויטער בעריש. ער איז געווען אַן ערליכער חסידישער איד, און איז אָפט געבליבען אין בית המדרש נאָך מעריב לערנען.

דער איידעם פון ר׳ בעריש וויינבערגער האָט געגעסען קעסט ביי זיין שווער און שוויגער פאַר עטליכע יאָהר. ער איז געזעסען און געלערנט אין בית המדרש אַ גאַנצען טאָג און זיך געקרייזעלט די פיאה. ער איז געווען אַ גרויסען תלמיד חכם, און ווען ער איז גע־וואָרען אַ האָלץ סוחר איז ער נישט געווען אַ בטלן, און ער האָט געטויגט צום געשעפט, און געקרייזעלט די פיאה.

* * *

ר׳ שמואל שיניעווער איז געווען אַ גוטער מענטש אין אַלע הינזיכטען, נאָר ער האָט געהאַט אַ טבע ווען ער האָט גערעדט צו עמיצען האָט ער גערעדט מיט אַ טעמפּער. אויף אַ זייטיגען צוהערער האָט עס געמאַכט דעם איינדרוק אַז ער קריגט זיך מיט יענעם. עס האָט פּאַסירט אַ סך מאָל אַז ווען ר׳ שמואל שיניעווער האָט עפּעס דערציילט פלעגען פאַרבייגייער זיין נייגעריג צו וויסען אויף וועמען ער שרייט אַזוי, און מ׳פלעגט זיי ענטפערן אַז קיינער קריגט זיך נישט נאָר ער דערציילט עפּעס. דערפאַר איז זיין זון ר׳ בערישל געווען אַ שטילער מענטש. ער האָט גערעדט שטיל און מיט איידלקייט. ער פלעגט זיצען אין בית המדרש און לערנען מיט אַ ניגונ׳דל און שטיל ווי אַ טויב.

ר׳ אפרים הערש ווײדמאַן און אויך זיין פאָטער ר׳ מאיר זענען נישט געווען קיין עשירים, אָבער גרויסע ערליכע חסידישע אידען זענען זיי געווען. זייער אָרעמקייט איז געווען זעהר אָנזעעוודיג פון די זיידענע שבת בעקישעס וואָס איז געווען פאַרריכט מיט אַ סך לאַטעס. זיי האָבען זיך געפירט זעהר באַשיידען און בכבודיג מיט זייער משפחה. זיי פלעגען זיצען און לערנען זעהר געשמאַק אין בית המדרש. ר׳ אפרים הערש האָט געקענט גוט לערנען.

* * *

אין סטראָפּקאָוו זענען אויך געווען ערליכע אידען וואָס אין זייער יוגענט האָבען זיי נישט געהאַט די מעגליכקייט צו לערנען גמרא, און זיי האָבען געלערנט וואָס זיי האָבען געקענט. טאָר זייער כבוד נישט געמינערט ווערען, און אפילו ווען אַ איד קען גאָרנישט לערנען נאָר ער דאַווענט און זאָגט תהלים ווען ער האָט צייט, דאַרף ער אויך באַטראַכט ווערען פאַר אַ גוטען און ערל׳יכען איד. און דאָס רוב זענען געווען אַזעלכע פון דעם סאָרט גאָר ערליכע אידען. איך וועל פּרובירען ווי ווייט מעגליך אויסרעכענען זייערע נעמען, וויפיל נאָר מיין זכרון וועט מיר דינען.

ר׳ משה וויינשטיין. מ׳האָט איהם גערופען משה ר׳ אייזיקס. ער איז געווען אַ כהן, דאַרף מען איהם אויפרופען דעם ערשטען. ער איז געווען אַ סוחר און געהאַנדעלט מיט וואָס עס האָט זיך גע־טראָפען. אַמאָל האָט ער פאַרדינט און אַמאָל האָט ער פאַרלוירען ביים געשעפט. צום ביישפּיל ער האָט געקויפט אַ וואַגאָן שוועבעלעך,

אָדער אַ וואַגאָן באַנדלעך. אויב ער האָט באַלד געפונען אַ קונה אפילו מיט אַ קליינעם ריוח האָט ער שוין פאַרדינט וויפיל עס איז. אויב ער האָט נישט געפונען באַלד דעם קונה און עס האָט גענומען רעגענען און די סחורה איז פאַררעגענט געוואָרען, האָט ער שוין פאַרלוירען געלט. דאָס זענען געווען די געשעפטען וואָס ער האָט געמאַכט. אָבער אַן אָרעמאַן איז ער נישט געווען. אויך איז ער נישט געווען קיין גרויסער בן תורה, אָבער אַ פרומער און ערליכער איד איז ער שוין גאָר געווען. ער האָט געזאָגט תהלים אַלע טאָג פאַר'ן דאַווענען, און אויב ער איז געווען אין דער היים האָט ער געקענט אַריינקוקען אין אַ ספר אָדער אַ חומש. גלאַט גאָרנישט טאָן האָט ער נישט געקענט. שבת האָט ער נישט גערעדט דברי חול און לשון קודש האָט ער נישט געקענט, האָט ער טאַקע גאָרנישט גערעדט גאַנץ שבת מיט קיינעם, אפילו אין זיין הויז צו זיין ווייב. ווען ער האָט געדאַוונט איז ער געווען איבערגעדעקט מיט'ן טלית און גאָרנישט געזען, נאָר געדאַווענט מיט גרויס כוונה, און נישט גערוהט, נאָר בבחינת כל עצמותי תאמרנה. ווען ער איז געקומען אין הויכען עלטער איז ער געפאָרען קיין ארץ ישראל, און האָט דעם זכות צו ליגען אין הייליגען לאַנד.

ר' פינחס באום איז געווען לויט ווי מ'האָט גערעדט אַ גרויסער עושר און זיך געפירט חסידיש. מ'פלעגט אים זען אַלעמאָל אַריינקוקען אין אַ ספר. ער האָט אויך געהאַט אַ גוטען נאָמען אַלס שיינער בעל הבית און בעל מידות טובות.

ר' אברהם בער איז געווען אַן ערליכער איד. ער האָט אפילו געדאַווענט אין שוהל נוסח אשכנז, אָבער ער האָט געטראָגען אַ שטריימעל און בעקישע אים שבת און זיך געפירט חסידיש. אויך איהם פלעגט מען זען אַריינקוקען אין אַ ספר פון צייט צו צייט.

ר' לייביש טרייטל איז געווען אַ שיינער חסידישער איד מיט אַ הדרת פנים. זיין מסחר איז געווען גוי'אישע קליידער. ער האָט געהאַט פעהיגע זין וואָס האָבען איהם געהאָלפען אין געשעפט. ער האָט זיך געפירט זעהר בעל הבתיש און באַזעסען גוטע מידות. אין בית המדרש פלעגט ער אַלעמאָל אַריינקוקען אין אַ ספר. אין אַלגעמיין איז ער געווען אַ קלוגער און באַ'טעמ'טער איד.

ר׳ אשר שטערן, איהם פלעגט מען רופען אשר „מאדיאר״. ער איז געווען אַ שטילער מענטש, אָבער אין זיין געשעפט איז געווען לעבעדיג. געהאַנדעלט האָט ער מיט תבואה און אויך געהאַט שפּעטצעריי געוועלב. זיין פרוי איז געווען אַן אשת חיל און זי האָט גענומען אַ טיכטיגען אנטייל אין געשעפט. אויך צוויי גרויסע זין האָבען געהאָלפען און דאָס געשעפט איז געוואַקסען. ר׳ אשר האָט זיך געפירט ווי אַ חסידישער איד. די פרוי איז געווען אַ גרויסע צדיקת. אָרעמע פרויען האָבען געדאַרפט באַקען ברויט פאַר די וואָך און חלות אויף שבת און האָבען נישט געהאַט קיין געלט צו קויפען מעהל, האָבען זיי געוויסט צו גיין צו ר׳ אשר׳ן אין געוועלב און זיך פאַרטרויט פאַר זיין פרוי אַז זיי האָבען נישט קיין געלט, האָט די צדיקת זיי געגעבען וואָס זיי האָבען געדאַרפט און געזאָגט, איך בעט דען געלט ביי אייך? ווען איהר וועט האָבען וועט איר אַריינ־ברענגען. אויך זייערע צוויי זין ווען זיי האָבען חתונה געהאַט האָבען זיי פאַר זיך געמאַכט אַ געשעפט אין אַן אַנדערע שטאָט אין אונגוואַר. עס איז זיי טאַקע גוט געגאַנגען. זיי האָבען זיך פאַרשאַפט אַ נאָמען אַלס בעלי צדקה און מוקירי רבנן, אַז די שטערן ברידער זיינען גע־וואָרען אַ שם דבר איבער דער געגענט, און אויך אין וויטערע שטעט.

ר׳ נתן פייטעל, אַ גרויסער ערליכער איד, האָט געדאַווענט אין שוהל נוסח אשכנז, אָבער ווייל ער איז געווען אַלס בחור אין ישיבה און געלערנט, פלעגט ער שבת פאַר מנחה קומען אין בית המדרש און אַריינקוקען אין אַ ספר. זיינע קינדער זענען געגאַנגען צו חסידישע מלמדים און זענען טאַקע געווען שטרענג פרומע קינדער.

ר׳ נפתלי גערהאַרט, זיין שכן, האָט געדאַווענט אין בית המדרש. ער האָט זיך געפירט ווי אַ חסידישער איד און געטראָגען אַ שטריימעל און בעקישע אים שבת, ווי אַלע בית המדרש אידען. ער איז געווען אַ שטילער ערנסטער חסידישער איד. ער האָט אַלעמאָל אַריינגעקוקט און איז געווען פאַרטיפט אין חסידישע דרוש ספרים. ער האָט געהאַט אַ בן יחיד און אַ בת יחידה. זי האָט חתונה געהאַט צו אַ חסידישען בחור פון ריישע, פון אַ שיינער חסידישע משפחה און האָט אים אויסגעהאַלטען פאַר אַ שיינע פאַר יאָהר. אויך זיינע אייניקלעך זענען געווען שטילע אינגלעך און געראָטענע. איינער איז אויסגעוואַקסען אַ זעהר חשוב׳ער אידישער

פּאָעט. זיינע ביכער ווערן גערימט פון דער ליטעראַרישער וועלט. זיין צווייט אייניקל איז אַ באַלעבאַטישער איד, און ווען ר׳ נפתלי וואָלט געלעבט וואָלט ער זיכער געהאַט אַ סך נחת פון זיינע אייניקלעך וואָס זענען דאָ אין אַמעריקע.

* * *

איך גלויב עס וואָלט געווען אַ זינד אַדורכצולאָזען און נישט צודערמאָנען די זעהר חשוב׳ה אלמנה מרת פרומעט שטערן, זי איז געווען געאַכטעט ביי אַלעמען אין שטאָט ווייל זי איז געווען אַ קלוגע און פעאיגע פרוי אַן אמת׳ע אשת חיל. געפירט אַ בעל הבית׳יש הויז, און אויפגעצויגען אַ שיינע פאַמיליע, איך גלויב זי האָט געהאַט צוויי זין, איינער האָט געהייסען אַנשיל, און ער האָט געוואוינט אין שכינות מיט איהר, און צוזאַמען האָבען זיי געהאַנדעלט. און דער צווייטער זון האָט נישט געוואוינט אין סטראָפּקאָוו,ביידע זענען זיי געווען איידעלע ערליכע אידען.

דאָ אין ניו יאָרק איז דאָ איהרע אייניקלעך, און אייניגע זענען גאָר חשוב׳ע און חסיד׳ישע אידען, זייערע קינדער לערנען אין ישיבות און זענען תלמידי חכמים.

דער ראש הקהל אין יענער צייט איז שוין געווען ר׳ אברהם חיים שענפעלד. זיין געשעפט איז געווען ער האָט געהאַלטען אַ שענק. עס איז אים גוט געגאַנגען און ער האָט זיך געפירט ווי אַ שיינער בעל הבית און האָט זיך אינטערעסירט אין קהל׳שע אנגע־לעגענהייטען, און סיי אידען האָבען איהם געהאַלטען פאַר אַ קלוגען איד, און אויך שטאָט באַאַמטע האָבען פון איהם געהאַלטען, און ער האָט דעם איינפלוס וואָס ער האָט געהאַט אויף זיי אויסגענוצט און געטאָן אַ סך טובות פאַר אידען און איז טאַקע געווען באַליבט ביי אַלעמען. זיין פעהיגקייט האָט אויך געבראַכט נוצען פאַר דער קהילה. ווען מ׳האָט געדאַרפט איבערבויען די מקוה און עס איז געווען שווע־ריגקייטען דערביי, און אייניגע אונטערנעמערס האָבען זיך געהאַט אונטערגענומען צו טאָן די אַרבעט און האָבען חרטה געהאַט, האָט ר׳ אברהם חיים מיט זיינע גרויסע פעהיגקייטען דורכגעפירט אַז די אַרבעט איז געמאַכט געוואָרען. אַלע האָבען איהם באַוואונדערט און מ׳האָט איהם אָפּגעגעבען אַ סך כבוד. ער איז געווען אַן ערליכער איד און אַ יודע ספר, און געהאַט נחת פון זיינע קינדער. זיינע ביידע

אײדעמס זענען געווען גוטע חסידישע אידען. אײנער האָט געהײסען ר׳ שלמה בערלינער.

## די סטראָפּקאָווער מלמדים

די מלמדים אין סטראָפּקאָוו זענען געווען אמת׳ע ערליכע אידען. דער ערשטער מלמד איז געווען ר׳ אשר, צו אים האָט מען געברענגט דאָס קינד צוערשט, און אין דרײ יאָהר שפּעטער איז דאָס אַרויס קענענדיג דאַווענען און געלערנט חומש און אַביסל שרײבען אידיש.

דער צווײטער מלמד האָט געהײסען ר׳ שלמה׳לע מלמד. ער האָט פאָרגעזעצט דאָס לערנען חומש מיט רש״י, נביאים און כתובים. ר׳ שלמה׳לע איז געווען אַ גאָר פרומער איד. ער פלעגט אין בית המדרש שטײן איבער דעם גאַנצען דאַווענען און געדאַווענט אויפ׳ן העכסטען קול תחנונים׳דיג. האָט ער געלערנט די תלמידים זײ זאָלען זײן פרום. ער האָט אַ סך צײט געלערנט מיט זײנע תלמידים מוסר ספרים. זײנע תלמידים זענען טאַקע געווען פרומע אינגלעך נאָך צווײ יאָר לערנען.

דער דריטער מלמד איז געווען ר׳ זלמן גאָלדמאַן. ער איז געווען אַ שטילער איד און פלײסיג געלערנט מיט די אינגלעך גמרא און אויך חומש מיט רש״י. ער האָט געגעגעבען גוט צו פאַרשטײן און צוגעגרײט זײנע תלמידים מיט אַ קלײן תוספות׳ל אויך. אויך בײ איהם האָט מען געלערנט אַ דרײ יאָהר.

דער פערטער מלמד איז געווען ר׳ יודל גאָלדמאַן. צו איהם זענען געקומען לערנען די פאַר בר מצוה אינגלעך. בײ איהם זענען די תלמידים בר מצוה געוואָרען, און דער הויפּט לערנען איז געווען גמרא. דעם שיעור גמרא מיט תוספות האָט יעדעס אינגעל געמוזט קענען ענדע וואָך. נאָר פּשוט גמרא האָט דער רבי פאָרגעזאָגט און אַלע האָבען אויסגעהערט. נאָר אײניגע האָבען פאַרשטאַנען און געפרעגט קשיות און דער רבי האָט איהם געגעבען צו פאַרשטײן, און אײניגע האָבען נישט פאַרשטאַנען און נישט געפרעגט.

בײ ר׳ יודל מלמד האָט אַ בחור געלערנט ביז ער איז אַלט געוואָרען 15—16 יאָהר. אײניגע זענען געבליבען אין דער הײם און

פאַרגעזעצט לערנען, און איניגע זענען געפאָרען אין דער ישיבה לערנען. ר׳ יודל איז געווען אַן ערליכער איד און דער שיניעווער צדיק האָט איהם גענומען קיין שיניעווע צו זיין דער מלמד צו זיינע זין.

ר׳ יודל מלמד איז געווען אַן אויסערגעוויינליכער מענטש. זיינע חברים די גבאים ר׳ אשר מלמד און ר׳ יודל וויינשטיין זענען אויך געווען ערליכע אידען און האָבען געטאָן זייער אַרבעט פאַר חברות מיט די הייליגסטע כוונות, אָבער ר׳ יודל גאָלדמאן האָט געהאַט גאָר אַ סך מידות טובות. ער איז געזעסן און געלערנט מיט זיינע תלמידים אַ גאַנצען טאָג און איז אויסגעמאַטערט געוואָרען פון רעדען אויפ׳ן הויכען קול, און דאָך אויב ער איז געוואויר געוואָרען אַז איינער איז קראַנק האָט ער קיינמאָל נישט געפעלט מיטצוגיין מבקר חולה זיין. מיט זיינע תלמידים איז ער אומגעגאַנגען אויף דעם בעסטען און פריינטליכען וועג. אַלע האָבען איהם ליב געהאַט. אין בית המדרש איז ער אַ גאַנץ יאָר געווען זעהר אַ שטילער איד און אַ באַשיידענער מענטש, נאָר ווען עס איז געקומען פורים צייט איז ער גאָר געווען אַן אַנדערער. ביים דאַווענען האָט ער אויסגעלאָזט יעדעס קאַפּיטעל העכער פאַר אַלעמען, און פון זיך געלאָזט הערען ביי יעדער געלעגענהייט, און געזאָגט זעהר וויציגע תורה׳ס. זיינע אַלע רייד זענען געווען פרייליכע און האָט אַריינגעברענגט אַלעמען אין אַ פרייליכע שטימונג.

* * *

דעם פינפטען מלמד האָט מען גערופען ר׳ משה דעם שוחט׳ס. אויך ער איז געווען אַ גמרא מלמד און געלערנט מיט בר מצוה בחורים. ער איז געזעסען און געלערנט פלייסיג, און אַליין איז ער געווען אַ שטילער און ערליכער איד און אַ גרויסער תלמיד חכם. אויך ביי איהם האָבען די בחורים געלערנט ביז זיי זענען אַלט געוואָרען 15—16 יאָהר.

אין סטראָפּקאָוו איז געווען אַ מלמד מיט דעם נאָמען ר׳ בעריש׳ל מלמד. אַזוי האָט מען איהם גערופען. ביי איהם האָבען גע־לערנט אינגלעך און מיידלעך פון אָרימע בעלי מלאכות. אַליין איז ער געווען אַ טייערער און ליבליכער און אַ זעהר פריינטליכער מענטש, און אַ גרויסער צדיק. עס איז געווען אַ מחיה מיט איהם זיך צו באַגעגענען

דער מלמד פאַר חתן בחורים האָט געהייסען ר׳ משה שענפעלד.

ער איז געווען דער דריטער דיין ביי דין תורה׳ס און האָט געלערנט מיט די רייכערע בחורים. ער איז געווען זייער רבי און חבר. ער איז געווען אַ גאון אין לערנען און זעהר אַ קלוגער מענטש אויך אין וועלטליכע ענינים. מיט איהם האָבען די בחורים פאַרברענגט ביז צו זייער חתונה.

נאָך איין מלמד איז געווען מיט דעם נאָמען ר׳ יוסף רחל׳ס. זיינע תלמידים זענען געווען די זין פון די שוהל אידען וואָס האָבען פאַרלאַנגט ער זאָל מיט זיי לערנען דייטש, דאָס חומש און פּסוק אויף דייטש און אויך שרייבען דייטש. אַליין איז ער געווען אַן ערליכער איד, און האָט אויך געקענט דייטש.

## די שמשים אין סטראָפּקאָוו

די שמשים אין בית המדרש זענען געווען זעהר גרויסע ערליכע אידען. זיי האָבען געטאָן זייער אַרבעט בשלימות. איינער האָט גע־הייסען ר׳ אברהם שמש און דער אַנדערער ר׳ יעקב שמש. ר׳ אברהם שמש האָט מען באַוואונדערט, ווייל זיין הכנסה איז געווען זעהר אַ קליינע און ער האָט אויפגעצויגען אַ זעהר שיינע פאַמיליע, און מ׳האָט קיינמאָל נישט געהערט ער זאָל זיך מתנצל זיין.

ר׳ יעקב שמש האָט אויך געהאַט אַ קליינע הכנסה, און דאָך האָט ער משמח געווען אַלעמענס שמחות מיט זיין נגינה. אויך יום טוב ביי ר׳ איציק הערש׳ס טיש האָט ר׳ יעקב שמש משמח געווען דעם עולם, און אַליין האָט ער געלעבט אין דחקות.

אין בית המדרש האָט מען אין פריערדיגען דור געהאַט אויך אַ חסידישען חזן, ר׳ מענדל הירש איז געווען זיין נאָמען. מיר האָבען איהם נאָך געזען אַלס אַלטער איד און מ׳האָט אויך געזען זיין צידקות, זיין ערליכקייט און זיין איידעלקייט. ער האָט אַלעמאָל געהאַט אַ שמייכל אויף זיין פּנים. אויך האָט מען געקענט מערקען אַז ווען ער איז געווען יונג האָט ער אוודאי געקענט שיין זינגען. אַ שיינער און ליבליכער איד איז דאָס געווען. זיין עלטסטער זון איז געווען חזן און שוחט אין טרעבישאָוו, און געהאַט אַ שיינע פאַמיליע. די איבעריגע קינדער זענען צעשפּרייט אין אַנדערע שטעט.

אין אונזער דור האָט מען נישט באַדאַרפט קיין חזן, ווייל דער רב ר׳ שלום האָט זעהר שיין געדאַווענט און זיין זון הרב ר׳ מענדעלע איז געווען גאָר אַ גוטער בעל תפילה. אויך דער אַלטער שוחט ר׳ ישראל לייב, ער איז שוין געווען אין די אַכציגער יאָהרען און האָט נאָך געהאַט אַ חזקה צו דאַווענען ימים נוראים פאַר׳ן עמוד. אויך דער יונגער ר׳ יואל שוחט איז געווען אַן ערשטקלאַסיגער דאַווענער. ווען ער האָט געדאַווענט און זיין זון יהושע לייזער מיט זיין ברודער נפתלי האָבען אונטערגעהאַלטען האָט דער עולם גאָר אַנגעקוואָלען. עס האָבען נישט געפעלט קיין יונגע לייט וואָס האָבען געקענט שיין דאַווענען און שיין זינגען.

איך וויל אגב דערמאַנען אַ דריטען שוחט, ר׳ מאיר שוחט, אַן ערליכער איד און שטילער מענטש. ער איז געווען אין סטראָפּקאָוו אַלע זיינע יאָהרען און אויפגעצויגען אַ שיינע פאַמיליע. זיינע קינדער האָבען געוואוינט אין אַנדערע שטעט.

די מלמדים פון פריערדיגען דור וואָס האָבען געלערנט מיט אונזערע טאַטעס זענען געווען: ר׳ משה׳לע גוטמאַן, גערופען האָט מען איהם ר׳ משה׳לע באַקשער ווייל ער האָט געוואוינט אין דעם דאָרף באַקשע. ער איז געווען דער גמרא מלמד. — ר׳ שמעון עטקעס און ר׳ שמעון ר׳ אברהמ׳ס. זיי זענען געווען גרויסע ערליכע אידען און תלמידי חכמים. מען פלעגט דערציילען אַ סך קלוגע מעשיות פון זיי.

* * *

### די פאַרשידענע חברות

אין סטראָפּקאָוו זענען געווען חברות מיט די נעמען: חברה ביקור חולים, און פאַר אַ סך יאָהרען זענען געווען די גבאים ר׳ אשר מלמד, ר׳ יודל וויינשטיין און ר׳ יודל מלמד. די דריי גבאים זענען געגאַנגען מבקר חולה זיין אַלע קראַנקע, די אָרימע קראַנקע האָבען זיי געהאָלפען מיט געלט, מיט רפואות, מיט עצות, און די וואָס האָבען נישט געדאַרפט קיין געלט שטיצע, האָבען זיי נאָר געגעבען עצות און זייער עצה איז זיך אַ סך מאָל צונוץ געקומען, ווייל זייער ערפאַרונג האָט זיי אַ סך געלערנט.

די גבאים פון דער חברה תלמוד תורה זענען אויך געווען ר׳ יודל וויינשטיין און ר׳ יודל גאָלדמאַן. זיי האָבן אכטונג געגעבן אַז אַלע קינדער פון די אָרימע פאַמיליעס זאָלן גיין אין חדר. און אויב די עלטערן קענען נישט באַצאָהלען מלמד געלט האָבן זיי געשאַפן דאָס געלט.

עס איז געווען אַ חברה הכנסת כלה. זיי זענען געווען זעהר טעטיג ביי אָרימע חתונות עס זאָל אַלעם זיין צום עסען און טרינקען און זיי האָבן געזען עס זאָל לוסטיג זיין, אַז אַלע מחותנים און געסט זאָלען זיך משמח זיין, און געזאָרגט אַז חתן וכלה זאָלען האָבן געלט אַנצופאַנגען זייער באַלעבאַטישקייט.

עס איז אויך געווען אַ חברה תיקון ספרים, ווייל אין סטראָפּ־קאָווער בית המדרש איז געווען טויזענטער ספרים און די בחורים אין מיין צייט האָבן מסדר געווען די ספרים און אַרויפגעקלעפּט אַ צעי־טעלע מיט דעם נאָמען פונעם ספר און מיט אותיות וואָס באַצייכענט דאָס אָרט וואו דאָס ספר דאַרף ווערען אַוועקגעשטעלט. די גבאים האָבן געפונען אַן אָרים אינגעל וואָס זיין עובדה איז געווען אַראָפּ־צונעמען די ספרים פון די טישען און זיי צוריקשטעלען אין ריכטיגען אָרט. ער האָט פונעם גבאי געקריגען באַצאָהלט. פאַר אַ געוויסע צייט איז דאָס געווען מיין אויפגאַבע צו זען אַז די ספרים זאָלען זיין אין בעסטען אָרדענונג, און איך האָב עס געהאַלטען פאַר אַ מצוה. די ספרים זענען טאַקע געשטאַנען אין בעסטען אָרדענונג.

## די מתפּללים פון דער שוהל

אין סטראָפּקאָוו איז אויך געווען אַ שוהל און מ׳האָט געדאַווענט נוסח אשכנז. דער ערשטער איינדרוק ווען מ׳איז אַריינגעקומען אין שוהל האָט געצויגען די אויפמערקזאַמקייט די מזרח וואַנט. מען האָט געזען פאַרמעגליכע אידען שיין געקליידעט, נישט חסידישע קליידונג ווי אין בית המדרש, נאָר מאָדערן געקליידעט. אַ פרעמדער וואָלט געקענט מיינען אַז דאָס זענען אמת׳דיגע דייטשען, אָבער אין אמת׳ן זענען זיי געווען פרומע ערליכע אידען, און גערעדט אַ היימיש אידישע שפּראַך. זייער באַשעפטיגונג איז געווען שיינע גרויסע געוועלבען מיט

פֿאַרשידענע סחורות וואָס וואָלט געפּאַסט אין אַ גרויסער שטאָט, ווי צום ביישפּיל עסנוואַרג, תבואות, און אייזנוואַרג, און דאָס געשעפֿט איז געגאַנגען אויף אַ גרויסן מאַסשטאַב. דער ערשטער וואָס האָט געגרינדעט אַזאַ געשעפֿט איז געווען ר׳ נפתלי שטאַרק. געפֿירט גע־וואָרען איז דאָס געשעפֿט פֿון זיין איידעם הער פֿרידמאַן. אין די היים איז געווען אַן אמת׳דיג כשר הויז ווייל זיי זענען געווען אָפּגעהיטענע אידען. דער צווייטער איידעם האָט געהייסען וויינבערגער. אויך ער האָט געהאַט אַזאַ געשעפֿט, נאָר אויף אַ קלענערן מאַסשטאַב. אויך זיין אויסזען איז געווען מאָדערן און געפֿירט זיך ווי אַ מאָדערנער מענטש. אויף איהם האָט מען געזאָגט אַז ער איז געגאַנגען אין אַ ישיבה און האָט אויך געקאָנט אַביסעל לערנען. אויך זיינע קינדער האָט ער געגעבען אַן עכט אידישע ערציאונג.

ר׳ בערטשע קאַלבערט האָט אויך אויסגעזען צו זיין אַ מאָדער־נער איד. לויט זיינע מאַניערן און רעדען איז ער טאַקע געווען אַ זעהר איידעלער מענטש. ער איז געווען אַ זאַלץ סוחר. ער האָט פֿאַר־קויפֿט זאַלץ צו אַלע געוועלבען פֿון דער געגענט און אויך צו די גוים פֿון די דערפֿער. זיין געשעפֿט האָט איהם נישט געהאַלטען צו זיין פֿאַרנומען אַלע טאָג, איז ער געווען אפילו אין די וואָכען טעג געקליידעט זעהר שיין און זיך געלעבט אַ רוהיג לעבען און אַ שטרענג פֿרומער איד.

* * *

ר׳ חיים פֿרידמאַן, אַ זעהר שיינער מענטש אין מאָדערנע קליי־דער, און אַלעמאָל איז ער געווען פֿאַרפּוצט, ווייל ער האָט נישט געהאַט צופֿיל צו טאָן אין זיין געשעפֿט. זיין פֿרוי האָט געבאַקען לעקעך און לעקעכלעך און זיינע טעכטער האָבען איר אַרויסגעהאָלפֿען. זיין אַרבעט איז געווען אויב ווער איז געקומען קויפֿען האָט ער פֿאַר־קויפֿט, און דאָס איז נישט געווען אַ רעש׳דיג געשעפֿט. ער האָט געהאַט גענוג צייט צו שטיין אין גאַס און רעדען וועגען וועלטס גע־שעענישען. אין דער זעלבער צייט האָט ער געהאַט שיין פּרנסה. זיינע טעכטער זענען געווען אַמשענסטען געקליידעט, און אויך זיינע אינגלעך זענען געקומען אין שוהל זעהר שיין געקליידט. דאָס הויז איז געווען אַן אמת׳דיג כשר הויז. זיין אַלטער טאַטע ר׳ יצחק יוסף האָט געהאַט אַ באָרד מיט פּיאות און איז געווען אַ חסידישער איד.

ר׳ וואָלף שעהן, אויך ער האָט געהאַט אַ גוט געשעפט פון טאַבאַק. דאָס איז געווען מיט אַ רעגירונגס ערלויבניש און די רעגירונג ערלויבט נאָר איינעם פון אַ גאַנצער געגענט צו האָבען אַזאַ געשעפט, און נאָר ער קען פערשלייסען צו קליינע סוחרים די טאַבאַק ארטיקלען. האָט טאַקע דער הער שעהן געטאָן גוטע געשעפטען און ער האָט זיך שוין געוויצעלט וועגען אידישקייט, און וואָלט זיך שוין ערלויבט אָפּצונייגען און מוותר זיין אויף איינינע זאַכען, אָבער זיין פרוי איז געווען אַ צדיקת און האָט געהאַלטען אַ שטרענג אויג אויף די טעכטער און זין, און מ׳קען זאָגען אַז אַלעס איז געווען כשר אין הויז. קיין חילול שבת האָט מען ביי זיי קיינמאָל נישט געזען, און אויך ער ר׳ וואָלף האָט אפילו אַ וויץ נישט ארויסגערעדט אין זיין פרוי׳ס געגענ־ווארט, ווייל ער האָט נישט געוואָלט ערגערן זיין פרוי. דאָס הויז איז געפירט געוואָרען ווי ביי אַ מלכות, און די קינדער האָבען אויסגעזען ווי מלכות׳דיג שיין.

דאָס זענען געווען די אידען וואָס האָבען באַשיינט די מזרח וואַנט פון דער שוהל. עס איז אָבער אויך געווען קלענערע געשעפטס לייט וואָס זענען נישט געזעסען אויבען אָן און זענען געווען אויך גאַנץ בכבוד׳יגען אידען און געטאָן גוטע געשעפטען, און אויך געווען מאָדערן געקליידעט. אַלע זענען געווען שטרענג אָרטאָדאָקסישע בעל הבתישע פרומע אידען.

## די בעלי מלאכות

אַלע בעלי מלאכות האָבען געדאַוועגט אין שוהל, און אויך זיי זענען געווען מאָדערן געקליידעט. אַלע אָן אויסנאַם זענען געווען שטאַלצע בעל הבתישע און פרומע אידען. נאָר די וואָס האָבען געהאַט גרעסערע פאַמיליעס זענען געווען אָרימע, ווייל אַרבעט האָט זיך נישט געענוג באַצאָהלט. קיין בני תורה זענען זיי נישט געווען אָבער ערליך און שטרענג אידיש זענען אַלע געווען. שבת נאָכ׳ן עסען זענען די אידען געקומען זאָגען תהלים אין שוהל. און נישט נאָר די עלטערן זענען געווען ערליכע און פרומע אידען. זיי האָבען אויך זייערע זין און טעכטער אויפגעצויגען צו זיין שטרענג אידיש, און אויב איינינע

פון זייערע זין און טעכטער זענען געקומען קיין אַמעריקע האָבען זיי געזוכט צו טאָן אידישע שידוכים און געפירט אַ אידיש בעל הבתיש לעבען.

ר׳ מאיר שוסטער איז געווען אין אַמעריקע, און נאָך אַ קורצער צייט איז ער אַהיים געקומען. ווען איך האָב מיך געגרייט צו פאָהרען קיין אַמעריקע. בין איך געגאַנגען אים פרעגען וויאַזוי אידען לעבען דאָרט? האָט ער מיר געענטפערט בזה הלשון: אידען אַרבעטען זייער שווער, און עס איז שווער צו זיין אַ איד. עס איז אַ שאָד אַז דו זאָלסט פאָהרען אַהין, וועסט ווערען אויס פרומער בחור. אַ שאָד. איך וועל בעסער עסען ברויט אין דער היים, ווי עסען פלייש אין אַמעריקע". — אַזוי האָט גערעדט אַן אָרימער שוסטער אין סטראָפּקאָוו.

אין דער שוהל איז אַלע יאָרען געווען אַ חזן מיט משוררים, און נאָר אַ חזן אַן ערליכעד איד האָט געקאָנט דאָרט האַלטען די שטעלע. אויך די משוררים זענען געווען גוטע אינגלעך. ווער עס ווייסט פון דעם חסידישען סטראָפּקאָווער איד ר׳ יוסף זאובער, ער איז געווען איינער פון די בעסטע משוררים ביים חזן. אַ סך מאָל ווען ער האָט געזונגען זענען אַ סך פון די בית מדרש אידען געשטאַנען ביי די פענסטער און געהערט ווען ער האָט געזונגען.

די אידען פון דער שוהל האָבען זעהר אָפט געבעטען ר׳ יצחק הערש דעם דיין ער זאָל דאַוונען אין שוהל און פאַר זיי האַלטען אַ דרשה. זיי האָבען אַ גרויסע הנאה געהאַט פון זיינע דרשות.

### אַ שריפה אין סטראָפּקאָוו

אין ניו יאָרק, אין דעם יאָהר 1966 איז געווען געמאָלדען אין די צייטונגען, אַז אַ יונגע פרוי איז געוואָרען געשאָסען פון אַ מערדער אין מיטען גאַס און אין מיטען טאָג, אין דער געגענוואַרט פון אַ סך מענטשען, און זי האָט געשריען און געבעטען מען זאָל איר העלפען און קיינער פון די צושויער איז נישט געקומען צו הילף. פרעגט זיך פאַרוואָס איז דאָס אַזוי? איז דער תירוץ, ווייל יעדער האָט זיך אין זינען, און וויל זיך נישט מישען אָדער נעמען אַן אינטערעס אין די ליידען פון זיינע מיט-מענטשען. וויל איך דאָ איבערגעבען אַ גע־

שעהעניש וואָס איז געשעהן אין סטראָפּקאָוו, צו ווייזען אַז דאָרט האָבען מענטשען יאָ געטראַכט איינער פאַר דעם אַנדערען.

ווי שוין געזאָגט פון אָנפאַנג אַז איך האָב געוואוינט ביי מיין זיידע און באָבע, און מיין זיידע פלעגט אוועקפאָרען פאַר אַ וואָך, צוליב זיינע געשעפטען, און אַהיים געקומען פרייטאָג. האָט איינמאָל אין מיטען זומען, און מיין זיידע איז נישט געווען אין דעם היים, וועקט מיך מיין באָבע ע"ה אויף אין מיטען נאַכט, איך זאָל אַרויסגיין און זעהן אַוואו עס ברענט, ווייל זי הערט ווי מ'שרייט „פייער". איך בין אַרויס צום גאַס און זעה ווייט פון אונזער הויז ברענט אַ הויז, און באַלד ברענט אַ צווייטע און אַ דריטע. קום איך אַריין און פאַרצייל די באָבען וואָס איך האָב געזעהן. זאָגט זי צו מיר, מיר מוזען איינפּאַקען אַלעס וואָס מיר קענען און אַרויסטראָגען אין גאָרטען צווישען די בוימער, ווייל מיר קענען נישט וויסען, און עס קען מעגליך זיין דאָס פייער זאָל קומען דאָ אויך.

און ווי מיר האָבען איינגעפּאַקט עפּעס, האָב איך עס באַלד אַרויסגענומען צווישען די בוימער, און איך זעה אַז די שכינים טוען אויך אַזוי, בין איך באַלד אַריינגעגאַנגען אין הויז, און גענומען איינ־פּאַקען נאָך זאַכען, ווי דעם זיידענס בעקישעס, כאַלאַטען, שטריימעל, פייקעס און דעם טילעף. און די באָבע האָט אויך צוזאַמען געפּאַקט זאַכען, און איך האָב דאָס אַלעס אַרויסגעטראָגען און בין ווידער אַריינגעקומען און אַרויסגעטראָגען זאַכען וואָס די באָבע האָט איינ־געפּאַקט, בין איך און מיין באָבע מיד געוואָרען און מיר האָבען מער נישט געקענט רעטען די איבעריגע זאַכען, ווייל מיר זענען געוואָרען אויסגעשעפּט פון אונזערע כוחות.

און פון די געשרייען פון די שכינים הערען מיר אַז דאָס פייער איז שוין גאָר נאָענט, און מיר האָבען גאָרנישט געקענט טאָן. אָבער ווי אַ מלאך פון הימעל קומט אַריין ר' בעריש'ל מלמד און פרעגט מיין באָבען, וואו האַלט איר? און מיין באָבע ווייזט אים אָן די זאַכען וואָס עס איז דאָ און מיר האָבען נישט קיין כח עס אַרויסצונעמען. ר' בעריש'ל האָט זיך גענומען צו די אַרבעט און ער האָט אַלעס אַרויסגעטראָגען אין גאָרטען צווישען די בוימער, און אויך איך און מיין באָבע זענען אַרויס פון הויז און זיך געזעצט אויף אונזערע זאַכען.

עס האָט נישט גענומען לאַנג און דאָס פייער איז געקומען און פאַרברענט אַלע הייזער, און מיר זענען אַזוי געווען אַ גאַנצע נאַכט אין גאָרטען. דורך די צייט האָב איך געפרעגט מיין באָבען ווי קומט עפּעס ר' בעריש'ל מלמד דאַ, ער וואוינט דאָך אַזוי ווייט אַוועק פון אונז, און ווי האָט ער געקענט אַליין אַרויסטראָגען די אַלע זאַכען, ער איז דאָך אַליין אַ שוואַכער אַלטער איד? און זי האָט מיר געענטפערט, דאָס איז נישט געווען ר' בעריש'ל, דאָס איז געווען אַ מלאָך.

דער פייער איז ענדליך איינגעשטילט געוואָרען, און אין דער פריה זענען אונזערע שכינים צוגעגאַנגען צו זייערע הייזער, און געזען אַז נאָר דער דאָך איז ביי זיי געווען פאַרברענט, אָבער די וואוינונג קען מען אַרומרוימען, און דאָס וואָס זיי האָבען געטאָן. אָבער אונזער הויז איז אינגאַנצען געווען פאַרברענט.

אַרום מיטען טאָג זענען שוין אונזערע שכינים געווען צוריק אין זייערע הייזער, אָבער איך מיט מיין באָבען זענען געבליבען מיט אונזערע זאַכען און נישט געהאַט אַוואו צו גיין, מיר האָבען געטראַכט וואָס טוט מען?

און ווידער, ווי אַ מלאָך פון הימעל איז אָנגעקומען ר' זלמן יוסף דעם דיין'ס שווער, מיט אַ גוי וואָס האָט געהאַט אַ פערד און וואָגען, און אונז גענומען צו זיך אין זיינע שיינע אויסמעבּיליטע צימערען, אין זיין רייכע הויז, און מיר האָבען געפילט ווי ביים קיסר אין פּאַלאַץ, מיר זענען אַווילע אַזוי געזעסען און מורא געהאַט צו טרעטען אויף די טייערע טעפּיכער, אָבער זיין פרוי די צדיקת, מלכה גאָטליעב האָט פאַר אונז געמאַכט עסען, און מיט אירע פריינדליכע רייד האָט זי אונז געמאַכט פילען זעהר גוט, און מיר זענען געבליבען וואוינען ביי די גוטע מענטשען ביז נאָך סוכות.

מיט אַ וואָך שפּעטער, ווען מיין זיידע האָט געזען ר' בעריש'ל מלמד, און געגעבען איהם אַ יישר כוח פאַר העלפען אונז, האָט ער פאַרציילט דאָס ער מיט זיינע שכינים האָבען געזען דער ווינט בלאָזט נישט צו זייערע הייזער, האָבען זיי באַשלאָסען צו גיין העלפען די מענטשען וואָס זייערע הייזער וועלען ווי עס ווייזט אויס יאָ ברענען.

## אַן אינטערעסאַנטער עפּיזאָד

איידער איך ענדיג מיין באַשרייבונג פון דעם סטראָפּקאָווער אידישען לעבען, גלויב איך עס איז ווערט צו פאַרשרייבען אַ פּאַסירונג, וואָס איך בין געווען דערביי, און האָב אַליין אָנטייל גענומען אין דערין.

איך דענק אַז פון די פּאַסירונג קען מען האָבען אַ באַגריף ווי ערליך מענטשען זענען דאָרט געווען, אַז אַלעס האָט מען געוואָלט טאָן „על פי תורה", און דורך די עצה פון אַ בן תורה.

מלכה גאָטליעב, די יעצטיגע פרוי פון ר׳ זלמן יוסף וויינבערגער, האָט געהאַט אַ נישט פאַרהייראַטע טאָכטער, רחמה. אין דעם סוכות ווען מיר האָבען געוואוינט ביי ר׳ זלמן יוסף, און געגעסען אין סוכה מיט דעם צדיק ר׳ יצחק הערש דעם דיין, איז זי אַריינגעקומען דעם ערשטען אויף דער נאַכט פון חול המועד, ווען עס זענען געזעסען דער דיין און זיין שווער און מיין זיידע, און זי האָט געבעטען מען זאָל איר געבען אַן עצה, מ׳רעדט איר צוויי שידוכים פאַר איר טאָכטער, איין בחור איז אַ לערנער, און דער צווייטער איז אַ סוחר, ביידע פיינע משפחות און גוטע בחורים. און זי וויל זיך פאַרלאָזען אויף די עצה וואָס מען וועט איר געבען.

דער דיין ר׳ יצחק הערש האָט דער ערשטער געזאָגט, אַז מען וועט וואַרפען גורל, און מ׳האָט באַלד געשריבען צוויי צעטלעך און אַריינגעלייגט אין אַ הוט, און איך האָב אַרויסגעצויגען דעם נאָמען פון דעם זון פון ר׳ לייבוש טרייטעל דער סוחר. מען האָט איר באַלד געזאָגט מזל טוב, אין דער פריה אין בית המדרש האָבען שוין אַלע געוואוסט פון דעם שידוך, און מען האָט געהערט זאָגען מזל טוב אַוואו מ׳איז נאָר געגאַנגען. און אַלע אידען און אויך פרויען האָבען זיך געפרייד מיט די בשורה טובה.

## די ערליכע אידען פון אַמאָל

צו דעם שלום פון די געשיכטע פון סטראָפּקאָווער אידיש לעבען. וויל איך איבערגעבען וואָס איך האָב בייגעוואוינט דעם סוכות, וואָס מיר זענען געזעסען אין סוכה צוזאַמען מיט דעם צדיק ר׳ יצחק הערש אַמסעל דער סטראָפּקאָווער דיין.

מיר פלעגען אַלע יאָרען זיצען אין סוכה מיט שכינים, און עס איז געווען אַ געוועגליכע זאַך, עס האָט נישט געמאַכט קיין באַזונדערען איינדרוק, אַנדערש איז עס אָבער ווען מען זיצט צוזאַמען מיט אַזאַ גרויסען צדיק.

פון אָנפאַנג ביים עסען, האָט ר׳ יצחק הערש גאָרנישט גערעד, נאָר געווען פאַרטראַכט, אוודאי קענען מיר נישט האָבען קיין ידיעה וואָס אַזאַ גרויסער תלמיד חכם האָט אינזינען, מיר קענען זיך נאָר פאָרשטעלען אַז ער טראַכט פון תורה! נאָר איידער ער איז פאַרטיג געוואָרען מיט די סעודה האָט ער יאָ געזאָגט אַ גלייך־וואָרט פון אַ רבי׳ן, און מיט דערמיט האָט ער אָנגעפאַנגען אַ שמועס, און זיין שוועער ר׳ זלמן יוסף האָט שוין עפּעס געזאָגט, און מיין זיידע ר׳ יודל וויינשטיין האָט שוין געהאַט וואָס צו זאָגען.

נאָך דעם בענטשען זענען אַלע אַרוים פון סוכה נאָר ר׳ יצחק הערש איז געווען דער לעצטער אַרויסצוגיין, איך האָב געוואָלט זעהן וואָס ער טוט ווען אַלע זענען אַרוים, האָב איך געזען ווי מיט גרויס כוונה און מיט טרערען אין די אויגען ענדיגט ער דאָס בענטשען און ביים אַרויסגיין האָט ער אָפּגעווישט די אויגען פון זיינע טרערען. אַזוי האָט ער זיך נוהג געווען אַלע מאָל נאָך אַ סעודה.

## שמיני עצרת מיט רבי יצחק הערש אַמסעל זצ״ל

ביי אונז איז געווען דער מנהג אַז שמיני עצרת מאַכט מען קידוש אין סוכה און עסען אין הויז, און נאָך דעם עסען די סעודה גייט מען זיך געזעגענען מיט די סוכה, מיט עסען פירות און מיט זאָגען יהי רצון, בין איך געווען נייגעריג צו זען ווי ר׳ יצחק הערש געזעגענט זיך מיט די סוכה, און אויך דאָס מאָל איז ער אַליין געבליבען, און איך האָב געזען ווען ער האָט געזאָגט דעם יהי רצון, האָט ער געצויגען די ווערטער מיט גרויס כוונה און מיט גרויס געוויין האָט ער געקושט אַלע פיר ווענט. און ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען פון סוכה האָט ער זיך אָפּגעווישט די טרערען פון זיין פּנים און איז געגאַנגען אין הויז אַריין. וואָס עס האָט אויף מיר געמאַכט אַ רושם און איך וועל דאָס נישט פאַרגעסען.

עס איז אויך געווען אַ מנהג, אַלע יום טוב זענען זיינע חסידים געקומען צום טיש באַלד נאָך דעם עסען, און די וואָס זענען פרי פאַרטיג געוואָרען מיט זייער סעודה אין דעם היים, זענען צו ערשט געקומענע, האָבען שוין אידען אָנגעפּאַנגען קומען, ר׳ יצחק הערש האָט שוין אויך אָנגעפאַנגען זאָגען תורה. און ווען אויך מער אידען זענען געקומען, און צווישען זיי איז געווען ר׳ יעקב שמש, האָט ער אָנגעפאַנגען אַ זמר, און ווען ער האָט געענדיגט דעם זמר, האָט ר׳ יצחק הערש אָנגעפאַנגען זאָגען תורה, און צווישען האָבען אידען איינגערוימט צו ר׳ יעקב שמש ער זאָל ברענגען וויין.

און איידער ר׳ יצחק הערש האָט געענדיגט די דרשה איז ר׳ יעקב שמש געקומען מיט די וויין, און מיט געזאַנג האָט מען אויסגעטיילט די וויין, און עס איז געוואָרען אַ געמיש פון זאָגען לחיים איינער דעם אַנדערען און מיט זמירות און מיט רקידה. און ווען דאָס האָט זיך איינגעשטילט, האָט ר׳ יצחק הערש געענדיגט די תורה פון וואָס ער האָט מפסיק געווען, און ר׳ יעקב שמש איז ווידער געגאַנגען ברענגען וויין, און ווידער דאָס זעלבע, געזונגען, געזאָגט לחיים, רקידה, און תורה, ביז פאַרנאַכט איז ר׳ יצחק הערש אַריין אין אַ חדר זיך מכין צו זיין און איבערבייטען זיינע מלבושים, און דער עולם האָט געוואַרט, און ווען ר׳ יצחק הערש איז אַריינגעקומען האָט מען געדאַוועגט מנחה, עס האָט זיך שוין געצייגט דאָס דער טאָג איז אַריבער, און די צייט איז געקומען צו גיין אין בית המדרש דאַווגען מעריב און צו הקפות.

ר׳ יעקב שמש האָט אָנגעפאַנגען צו זינגען און דער גאַנצער עולם האָט מיט געזונגען, און ר׳ יצחק הערש האָט זיך געלאָזט אין וועג צום בית המדרש, און אַלע זענען נאָך געגאַנגען. עס האָט אויסגעזען ווי כמעט אַלע אידען פון שטאָט זענען דאָ אין דעם מאַרש און אויך די בחורים גרויסע און קליינע אַלע האָבען געזונגען, און מען איז געגאַנגען מער ווי האַלב וועג צום בית המדרש. זענען גרויסע בחורים אַקעגען געקומען מיט ספרי תורות אין זייערע הענד און אַרומגערינגעלט ר׳ יצחק הערש׳ן און זינגענדיג געקומען צום בית המדרש, און אַלע זענען שטיל געוואָרען אַריינגייענדיג, און יעדער איד איז געגאַנגען אויף זיין פּלאַץ!

און ווער עס האָט די שמחה נישט בייגעוואוינט האָט נישט געזען אַן אמת׳ע שמחה מיט אַזאַ כבוד.

אזוי האָבען סטראָפּקאָווער אידען געגעבען כבוד די תורה און דעם גברא רבה וואָס איז עוסק בתורה.

* * *

ביי די געלעגענהייט פּאַסט זיך צו דערציילען אַ פּאַסירונג וואָס די צייט ברענגט אַרויס, און פון וואָס אַ איד קען לערנען אַ מוסר השכל.

אין סטראָפּקאָוו איז געוועזן אַ איד מיט דעם נאָמען ר׳ אייזיק, געוועזן איז ער זייער אַ פרומער און ערליכער איד, פינאַנציעל איז ער געוועזן אַן אָרימער איד, אָבער ער האָט געהאַט דריי שיינע געראָטענע טעכטער, און השי״ת האָט אים צוגעשיקט דריי געראָטענע איידעמס, איינער האָט געהייסען ר׳ נפתלי הירש, ער איז געוועזן דער משמש פון דער שול, ער איז געוועזן זייער אַן ערליכער שטילער מענטש און האָט זיך אויך פאַרנומען מיט ספרות, זיינע תפילין האָבען געהאַט אַ שם איבער אונגאַרן אַלס די בעסטע געשריבען פון אַ מומחה און ערליכען איד.

דער צווייטער איידעם האָט געהייסען ר׳ שלמה יוסף וויינבערגער, אויך ער איז געוועזן אַן ערליכער חסידישער איד און אַ פעאיגער סוחר וואָס האָט געמאַכט אַ בכבודיג לעבען פאַר זיין פאַמיליע, אים האָט השי״ת באַגליקט מיט אַן איידעם מיט דעם נאָמען ר׳ ברוך גרינפעלד, וואָס האָט גע׳שמ׳ט אַלס גרויסער תלמיד חכם און גרויסער בעל מנגן. ווער עס האָט מיט אים גערעדט אין לערנען האָט באַוואונדערט זיין קענטעניש אין תורה, און ווער עס האָט אים געהערט דאַווענען האָט באַוואונדערט זיין אָנגענעמע שטימע און מתיקות׳דיגע נגינה.

דער דריטער איידעם איז געוועזן ר׳ משה וויינשטיין, אַ גרויסער ערליכער פרומער איד, ר׳ משה איז געוועזן אַ סוחר און האָט געהאַנדעלט מיט פאַרשידענע סחורות און האָט געמאַכט אַ בכבודיג לעבען פאַר זיין פאַמיליע.

ער האָט געהאַט פיר קינדער צוויי זין און צוויי טעכטער אַלע זענען געוועזן געראָטענע און קלוגע, די צוויי זין מיט איין טאָכ־

טער האָבען געטאָן גוטע שידוכים און האָבען חתונה געהאַט. מיט די אַנדערע טאָכטער האָט ער געהאַט שוועריגקייטען וועגען אַ שידוך, האָט זיך געמאַכט אַ סיבה און אַ בחור איז געקומען פון אַ גאַליציאַנער שטאָט, געווען איז ער זייער אַ פרומער, און ווען מ'האָט מיט אים גערעדט וועגען שידוך מיט די טאָכטער, האָט ער נישט לאַנג גע־טראַכט און ער האָט איינגעשטימט צום שידוך, און מ'האָט באַלד געשריבען תנאים און מיט גאָר אַ קורצער צייט איז געווען די חתונה. דער נאָמען פונ'ם חתן איז געווען ר' געציל פרידמאַן. ווי געזאָגט ער איז געווען זייער אַ פרומער, געדאַווענט און געזאָגט תהילים און אַריינגעקוקט אין אַ ספר, אַזוי האָט ער פאַרברענגט יעדען טאָג אין דער וואָך, זיין פרוי חוה האָט באַלד געזען דאָס איר מאַן וועט קיין פרנסה נישט געבען פאַר איר, האָט זי באַשלאָסען זי אַליין וועט זיך נעמען האַנדלען אויף צו מאַכען פרנסה פאַר איר פאַמיליע.

מיט דער צייט האָט זי געהאַט צוויי זין און איין טאָכטער, אָבער איר מאַן האָט קיינמאָל נישט געטראַכט און נישט גערעדט צו קיינעם פון וואַנעט זיין פרנסה קומט, נאָר אַנגעגאַנגען מיט זיין אַרבעט, געזאָגט תהילים און אַריינגעקוקט אין אַ ספר און גע־קומען אַהיים אין צייט צו עסען, און זי איז געווען די פרנסה גע־בערין, און האָט אויפגעצויגען אירע קינדער אויף דעם שענסטען אופן. מיט דער צייט האָט ר' געציל באַקומען אַ צונאָמען געציל דער בטלן. אָבער אין די מלחמה יאָרען האָבען זיי גלייך מיט אַלע אידען איבערגעלעבט די טראַגישע איבערלעבענישען פון וואַנען נישט אַלע האָבען געהאַט דאָס גליק צו בלייבען לעבען.

נאָר יעצט איז דאָ אין ניו יאָרק צוויי אייניקלעך פון ר' געציל און חוה, אַ שיינער יונגערמאַן, הויך געוואַקסען און הויך געבילדעט מיט'ן טיטול „רב", ער פאַרנעמט זייער אַ בכבוד'יגע שטעלע אַלס מנהל פון אַ ישיבה קטנה, און די בעלי בתים גיבען אים כבוד ווייל זיי פילען זיך גליקלעך אַז זיי האָבען אַזאַ פּעאיגען יונגערמאַן פאַר זייערע קינדער. און אויך זיין שוועסטער איז אַ געלערנטע און פאַרנעמט אויך אַ בכבוד'יגע שטעלע אין אַ אידישע שולע. אויך איר מאַן איז אָנגעשטעלט אַלס מנהל אין אַן אַנדערע ישי־בה קטנה.

אויך דאָ זעהן מיר בפירוש אַז השי״ת פירט די וועלט בהש־גחה פרטית.

* * *

אין דעם יאָר תרס״ג (1903) האָט פּאַסירט אין סטראָפּקאָוו זעהר נישט קיין פרייליכע זאַך, איך דענק אָבער, אַז פּאַסירט האָט עס, דאַרף עס זיין פאַרשריבען צו די געשיכטע פון סטראָפּקאָוו, למען האמת.

עס האָט געלעבט אַ פאַמיליע אין סטראָפּקאָוו וואָס דעם מאַן'ס נאָמען האָט מען גערופען ר' חיים לייב. זייער פאַמיליע נאָמען געדענק איך נישט, ווייל מ'האָט גאָר זעלטען דערמאָנט זייער פאַמיליע נאָמען. די פאַמיליע איז בעשטאַנען פון ר' חיים לייב מיט זיין ווייב, און אַ פאַרהייראַטע טאָכטער מיט איר מאַן און אַ קליין מיידעלע. געווען זענען זיי זעהר אָרעמע מענטשען, וויפיל איך געדענק האָבען זיי געלעבט פון צדקה. ר' חיים לייב איז געווען אַן אַלטער איד און אַ גרויסער תלמיד חכם. ער פלעגט קומען אין בית המדרש צום צווייטען מנין, און איז געווען אין טלית און תפילין ביז אין האַלבען טאָג. ווען אַ איד האָט געהאַט יאָרצייט און האָט געברענגט תיקון (לעקאַח און בראַנפען), האָט ער אָוועקגעלייגט פאַר זיך אַ גלעזעל בראַנפען מיט איבערבייסען אויף אַ געוויסען אָרט צווישען די ספרים, און ווען ער האָט אָפּ־געדאַוועט האָט ער זיך נוהג געווען צו זיצען און לערנען ביז אַרום נאָך 12 מיטען־טאָג, און אויסטאָן דעם טלית און די תפילין און אויסטרינקען דאָס ביסעל בראַנפען און פאַרבייסען מיט וואָס ער האָט געהאַט.

איין טאָג האָב איך געזען ווי אַ אינגעל וואָס האָט געלערענט מיט מיר ביי איין רבי'ן, האָט געייאַלט האָבען שפּאַס מיט ר' חיים לייב'ן, האָט ער נאָכגעשפּירט וואו ער לייגט אַוועק דאָס ביסעל בראַנפען, און ווען ר' חיים לייב האָט נישט געזען האָט ער דאָס צוגענומען און באַהאַלטען אויף אַן אַנדער אָרט. און ווען ר' חיים לייב איז געווען גרייט צו נעמען עפּעס אין מויל אַריין, און צו־

געגאַנגען זיך נעמען דאָס ביסעל בראָנפען, און ער האָט דאָס נישט געטראָפען, האָב איך געזען ווי ער גיט אַ קרעכץ, און ער קוקט זיך אַרום און זוכט צו זעהן ווער עס מאַכט אַזאַ ביטערען שפּאָס מיט אים, און ער זעט ווי דער אינגעל קוקט אויף אים און לאַכט, לאָזט ער זיך גיין צו אים, לויפט ער אויף אַן אַנדער אָרט, איז ער אים נאָכגעגאַנגען מערערע מאָל, ביז ער איז פאַרשוואַכט געוואָרען און נישט געקאָנט מער גיין, האָט ער זיך געזעצט אויף אַ באַנק און שווער געאָטעמט, דערנאָך האָט ער זיך געלייגט אויף דער באַנק און זיין אָטעם איז געוואָרען שווערער, ביז זיין לעצטען אָטעם.

ווען דער עולם איז געקומען צו מנחה, האָט מען געזען אַז ר׳ חיים לייב איז טויט. פאַרוואָס האָב איך געשוויגען? ווייל דער אינגעל איז געווען אַ סך שטאַרקער פאַר מיר, און איך האָב שוין געהאַט פאַרזוכט זיינע קלעפּ, בין איך אויך געווען אין טויט שרעק און נישט געוואוסט וואָס צו טאָן. די זאַך האָט געמאַכט אַ פיינ־ליכען איינדרוק אויף אַלעמען, און אַלע אידען האָבען געטרויערט אויף די פּאַסירונג.

געענדיגט האָט זיך די מעשה אויף דעם אופן: דער אינגעל איז געקומען קיין אַמעריקע נאָך אַלס בחור, און האָט זיך געפירט אידיש. ער האָט געטאָן אַ שיינעם שידוך און חתונה געהאַט. זיינע געשעפטען זענען גוט געגאַנגען און איז געוואָרען אַן עושר. ער האָט געזען זיינע קינדער זאָלען לערנען און זיך פירען אויף אַן עכטען אידישען וועג. ער האָט געטאָן גוטע שידוכים מיט זיינע קינדער. ער האָט זעהר גוטע און פרומע איידעמס. נאָכדעם האָט ער פאַר־לוירען זיין עשירות מיט זיינע געשעפטען און איז, לא עלינו, קראַנק געוואָרען אויף זיינע פיס און געליטען וואָס ער האָט נישט געקענט געגנצליך אַרויסגיין פון זיין וואוינונג פאַר איבער 10 יאָר, און איז געשטאָרבען, רחמנא לצלן.

די אויבענדערמאָנטע פּאַסירונג האָט אויף מיר אויך געמאַכט אַ זעהר ביטערן איינדרוק, ווייל איך האָב אַליין דאָס בייגעוואוינט, און מיין געוויסען פּלאָגט מיך, איך האָב זיך דערטראַכט אַז מיט אַ קינד דאַרף מען לערנען אהבת ישראל גלייכצייטיג מיט אַנדערע לימודים, ווייל די מדה וועט אים מאַכען פאַר אַ פאָלקאָמענעם איד און מענטש.

ווי מיר האָט אַ איד פאַרציילט אַז שבת אין בית המדרש האָט ער אַ סך פריינדליכע אידען זאָגען אים גוט שבת, און מוצאי שבת קודש זאָגען זיי איהם אַ גוטע וואָך, און אַ גאַנצע וואָך גייען זיי דורך זיין געוועלב פון פרוכט און גייען קויפען אין אַנדערע געוועלבען, ווען זיי וואָלטען געקענט קויפען ביי איהם דאָס זעלבע פרוכט פאַר די זעלבע פרייז. און פאַרוואָס טוען זיי דאָס, עס פעלט אהבת ישראל!

* * *

איך וויל מסיים זיין מיט אַ גלייך וואָרט, וואָס מיין גוטער פריינד הרב שלום אַקערמאַן שליט"א האָט מיר געזאָגט, וואָס ער האָט עס געהערט נאָכזאָגען פון הרב הצדיק ר' מנחם מענדעלע האַלבערשטאַם זצ"ל, לעצטער רב פון סטראָפּקאָוו:

ווען אידען זאָגען „לך השם הצדקה", זאָגען זיי אַ שבח צום רבון כל העולמים". זאָגט דער רבי: אַז רבנים זענען מתפלל, „לך" — דו לערען די אידען דעם ענין פון „צדקה", ווייל דו דאַרפסט נישט אָנקומען צו זייער צדקה. אָבער „ולנו" — מיר רבנים דאַרפען אָנקומען צו זיי פאַר חיונה — „בושת הפנים".



**די יאָהרצייטען פון די סטראָפּקאָווער רבנים**

הרב ר׳ משה שעהנפעלד ז״ל, דער ערשטער רב אין סטראָפּקאָוו
נפטר בעיר ווראַנאָוו בשנת תקפ״ו.



הרב רבי יקותיאל יהודא טייטעלבוים זצ״ל, צווייטער רב
בעל מחבר ספרי: ייטב לב, ייטב פנים, שו״ת אבני צדק
נפטר ו׳ אלול תרמ״ג, בעיר מאַרמאַרוש סיגעט.



הרב רבי חיים יוסף גוטליב זצ״ל
בעמ״ח ספר טיב גיטין וקידושין, נפטר ד׳ אדר תרכ״ז.



הרב רבי יחזקאל שרגא האַלבערשטאַם זצ״ל
בעמ״ח ספר דברי יחזקאל, נפטר ו׳ טבת תרנ״ט.



הרב רבי משה טייטעלבוים זצ״ל
נפטר כ״ד טבת תרנ״ז.



הרב רבי אברהם שלום האַלבערשטאַם זצ״ל
בעמ״ח ספר דברי שלום, נפטר יום א׳ דשבועות ת״ש.



הרב רבי מנחם האַלבערשטאַם זצ"ל
בעמ"ח ספר דברי מנחם, נפטר ו' אייר תשי"ד, בעיר ברוקלין.



הרב רבי יצחק צבי אמסעל זצ"ל
נפטר ט' שבט תרצ"ז.



הרב רבי שלמה ברוך טענענבוים זצ"ל
נפטר ה' אדר ראשון תרנ"א.

